369

## פריערדיקע ביכער:

דריי שוועסטער — 1932;
דער מענטש אין טאָגן — 1935;
ברענענדיק שטעטל (בוך איינס, בוך צוויי) — 1938;
ס׳האָט דאָס וואָרט מיין באָבע מאָינע — 1939.

## א גוט מארגן אייך:
## סאוועטישע שטעטעלעך מיינע — מיכאלישעק, סווינציאן!

און וויפל מאל איך האב שוין אייך צעקרימטע שטעטעלעך
באשריבן.
און וויפל מאל איך האב שוין אייך, שטעטעלעך מיינע,
באקלאגט:
פון סווינציאן — דעם געשוואלענעם הונגער און פון
מיכאלישעק — די סקעלעטנדיקע שרעק, —
די פארשאלטענע שטיבער — פון פלאג, פון שעד און פון
הארמאט געיאגט;
און וויפל מאל איך בין מיט אייך צום טרויער און צום וואנזין
אוועק,
ווען פון אייערע פרילינגס איז מיר הוילער פראסט געבליבן.

אוי, מיכאלישעק; אוי, סווינציאן—מיין צעבייטשטער צווילינג:
איר געדענקט נאך,
ווען מיינע עלטער-עלטער זיידעס זיינען צעשראקענע
אינגלעך געווען,
אין די זיכערע נעגל פון כאפערס געפאנגען;
ווען מאמעס האבן זייערע טעג ווי א לעוואיע פון וואלקנס
געזען,
און ס'איז פאר זיי די זון, ווי א קינדיש-פארבלוטיקטער מונדיר
פארגאנגען.
איצט האט דער לאנג-געגארטער באגינען,
ארפגעשליידערט אייער דוירעסדיקן, נאכטיקן יאך;
איצט וועט א מאזלדיקע האנט די פארלארענע מאזאלוים
אייערע געפינען.

א גוט-מארגן אייך, סאוועטישע שטעטעלעך מיינע —
מיכאלישעק, סווינציאן:
איר האט אויפגעפראלט
די לאנג פארזשאווערטע, די לאנג-פארהאקטע לאדנס,

און ס׳האָבן ביידעמער, דורך בעלמעדיקע אויגן דערזען,
ווי ס׳קומט די רויטע אַרמיי,
אייער פאַן און אייער קלאַנג אַף אייביק צו פאַרטרייבן.
(פון אייערע געסעלעך איעדער שטיין טוט מיר נאָך
ווי אַ וואונד טוט־ווי.)
פון רויט־אַרמייאישן מאַרש האָט אַ נייע וועלט אַרויסגעשאַלט—
און איר וועט אוראַלטע שטעטעלעך מיינע — נייגעבאָרענע
נאָך זען,
ווי ס׳קומט די בליענדיקע זעט,
ווי ס׳גרינט די ריינע האָפענונג אויף, וואו קרעציקער אומקום
איז געווען, —
ווי ס׳קומט דער האַרציקער געלעכטער מיט אייך אַף אייביק
צו פאַרבלייבן.

אַ גוט־מאָרגן אייך, סאָוועטישע שטעטעלעך מיינע —
מיכאַלישעק, סווינציאַן:
איך בין געווען פון אייער אונטערגאַנג — דער קלאָגנדיקער
זינגער,
נאָר ס׳האָט לעניִן אייער פאַראַקשנטן קומער אַף אייביק
שוין פאַרטריבן,
איז אייער העלער אויפגאַנג אין מיין יעדן גליד פאַראַן.
פון אַזויפל פרייד, אָ, מיט וויפל דוירעס וועט איר ווערן אינגער?
אָ, מיר גלוסט זיך אַזש ביז געוויין אין אייך זיך פאַרליבן.

אוי, מיכאַלישעק; אוי, סווינציאַן—מיין צעביטשטער צווילינג,
איך זע ווי לעניִן מיט אייביקע אָרעמס נעמט אַרום אייך ביידן;
דער פאַגראָמירטער איד און דער לאָפּטשעדיקער פויער,
הערט דורך נייאינקע ווינטעלעך זיינע גוטע בסורעס ריידן:
— אייער נעכטן איז אין שימל, אין בלוט און אין טרויער.
אייער היינט איז זאַט מיט פרייהייט און מיט ברויט,
אייער מאָרגן — מיט האָניק, מיט טרוים און מיט פלאָדן.
ניט לעבן און ניט טויט וועט מער אונדז פון דער זון ניט שיידן.

# דיך רופט אַ געפאַנגענע וועלט פון ענדלאָזער ווייט!

## 1

## צווייערליי קאַראַהאָדן

אידישע קינדערלעך פון סאָוועטישן פוילן,
וועמען נאָך ווי אונדזער פאַן קענט איר זיין טייער —
ניט אין שרעק, ניט הונגעריק און ניט הויל,
וועט איר מיט אונדזער שאַרסטקען מאַמע־לאָשן
די קלאָרע לופט איצט שייערן
און אייערע פריידיקע הענטעלעך, וועלן צו דעם גראָבן פאַן,
שוין קיינמאָל, קיינמאָל ניט שטרעקן זיך אין שאַנד, —
ווי צעקנייטשטע בעטלערלעך אויסווײַנען אַ טרויעריקן גראָשן.

אידישע קינדערלעך מיט אַזויפל באַגינענס אין די אויגן.
און איר גאָר אַלטע — אַזש שנייאיקע באָבעס און זיידעס,
פון שווערער כאָכמע און פון שפּעטן אָוונט הונדערט מאָל גרוי, —
איך האָב אייך האָלט אַזוי.
און כאָטש ס׳איז אייער פרייד שוין, ווי דער שפּעטער אָוונט
איינגעבויגן,

קענען די באַלאָדענע יאָרן
נאָך צעטאַנצן זיך קעגן אייביקן שלאָף,
ווי ס׳וואָלטן פאַרן שניט
פאַרטאָגיקע ווינטעלעך דורכגעלאָפן,
דורך איבערצייטיקן, גילדענעם קאָרן:
טאַנצן אידישע קינדערלעך פון סאָוועטישן פוילן,
און ס׳האָפּקען אַזש שנייאיקע באָבעס און זיידעס:
„רונד־אַרום, רונד־אַרום,
די באָלשעוויקעס! די באָלשעוויקעס!
היידאַ, רונד־אַרום, רונד־אַרום,
די באָלשעוויקעס! די באָלשעוויקעס!

האווא נאגילא, האווא נאגילא, וועיניסמעכא בוי!
האווא נאגילא, האווא נאגילא, וועיניסמעכא בוי!
היידא צעפאטשטער ריז — דו בארוועסער איוואן!
היידא בערקע דער וואסער־טרעגער און עסטערקע ציגאן!
אלע־אלע אריין,
אין דעם ליכטיקן קאראהאד.
דער וואס אין מאסקווע זשאלעוועט קיינעם ניט קיין שיין.
א דאנק אים און א לויב אים גאט:
האווא נעראנענא, האווא נעראנענא, וועיניסמעכא בוי!
האווא נעראנענא, האווא נעראנענא, וועיניסמעכא בוי!"

— — — — — — — — — — — — — — —

און ווען ארום טוכלע נארעם הער איך קלאגן,
די ריטשנדיקע קאפעליע — דעם ראצן־קאראהאד,
גרייט מיט די פינצטערע עקן דער זון צו פאריאגן —
שפאן איך א ליכטיקער פארביי
און הער הינטער מיר,
ווי פון פלייצנדיקן רינשטאק זייער אונטערגאנג שרייט:
„דערבארים זיך, דו דאלאר אלמעכטיקער,
אז אין אט דעם גרויסן מארק זאל אונדז קלעקן טרערן,
צו באוויינען אונדזער דערמארדעטן גלויבן,
צו באקלאגן די באשפיגענע שטערן;
דערבארעם זיך, דו דאלאר אלמעכטיקער,
ס'זאלן קיין טפילעס אונדז ניט פעלן דיך צו לויבן, — "
שפאן איך א ליכטיקער פארביי
און זע הינטער מיר,
ווי דעם שימל וועלן דרעשן די מאלנדיקע רעדער פון א נייעם אקטאבער;
און שפיר דורך מיין יעדן גליד דיין גאנצע ערד טאגן,
א, בליאיקע, א, מאיאיקע סאוועטנלאנד:
דיך רופט א געפאנגענע וועלט פון ענדלאזער וויט!

2

## אייביק לעבן, אייביק העלן!

און ווייל איך וויס,
אַז ווי די זון איז דיר באַשערט אייביק לעבן, אייביק העלן,
וועל איך דיר אייביק-אייביק טרויען, אַ אייביקע סאָוועטנלאַנד,—
ווי איך געטרוי די זון אַפילע באַם פאַרדעכטיקסטן
מאַירעוו-ראַנד,
ווען מיט הייליקן פייער קריצט זי איבער גאָר דער ערד
איר שוואוע אוים:

„איך שווער דיר אַ, וועלט — איך לאָז
לעם מיין אָוונטדיקער שיינקייט — אַ העסלעכע נאַכט
זיך שטעלן,

קעדעי פאַרטאָג אַזוי זי צו פאַריאָגן,
אַז פריילעך זאָלן גרינען איבער איר בעיסוילעם-גראָזן;
קעדעי אַליין שטאַרקער, לויכטנדיקער — דורך מענטש,
דורך רוים צו טאָגן.“

אין קויטיקע ווינקלען מוזן קויטיקע שפּינען פויזן
און קריכנדיקער שפּינוועב נאָך אַ זומערדיקן רעגן,
קען וויקלען זיך אַפילע אַרום די רויטסטע רויזן, —
נאָר ס'וועט דאָך קיינעם ניט איינפאַלן פרעגן,
ווער איז שענער: די קלעפּיקע שפּינען, צי די רויטע רויזן.

און ווייל איך וויים,
אַז די גרוילנדיקסטע פינצטערניש מוז צעפאַלן
באַם ערשטן ברי פון באַגינען, —
ווײַס איך אַז דער פאַרשאָלטענער מאַסער —
דער שמייכלענדיקער פאַרעטער,
וועט ווי אַ קראַנקע שלאַנג,
ניט וויקלען זיך לאַנג,
מיט קראַנקן האַס אַרום דיין מעכטיקייט, אַ גוואורעדיק
סאָוועטנלאַנד:
ס'האָט נאָך קיין קרעציקע האַנט,
קיינמאָל ניט פאַרהאַלטן פון פאַרטאָג די שטראַלן.

אַ, פריידיקסטער מאָרגן פון אַלע מאָרגנס,
איך דריק גוט־ברודעריש דיין זוניקע, דיין אייביקע האַנט.
איבער אַלע ערדן, איבער אַלע יאַמען, הער איך דיר זיגעריש
שאַלן:
— פאַר זיי,
דאָרט — דער געפּייגערטער כווישעך, די צערונענע גאַל.
ס'מוזן באַם זונאויפגאַנג די צעקרימטע שאָטנס פאַלן.
פאַר אונדז,
דאָ — אַ בליאיקע, אַ מאַיאיקע סאָוועטנלאַנד!

# אַ הויפן פוילישע ערד

1

נעם אין האַנט אַ הויפן פוילישע ערד,
בלאָז אַ שטויבעלע צאַרט אַזוי אַוועק.
אוי, יעדן שטויבעלע איז טויט־ווײי:
זע — אַ לעצטן טפּיסע־וועג,
הער — פון פאַרפּייניקטע פעלקער דאָס געשריי.

## איין שטויבעלע דערציילט:

„איך שמעק מיט פרילינג פון „קאַרטוז־בערעזע“.
אַמאָל בין איך געווען מיידלשער, זוניקער געלעכטער,
דער געלעכטער פון ווינטעלעך דורך אַ פעלד פון פרישן בעז;
און אַפילע אין לעצטן קאַרצער, אין טויטן־מאַסקע אַנגעטאָן,
געפלאַטערט האָט מיין לעבן, ווי אין דעם פּייניקערס הענט
אַ פרייהייט־פאָן, —
האָט דער איידעלער פאָן — דער פרומער שעכטער,
מיין „זינדיקן“ קאָפּ מיט מאָרד אויסגעהיילט.

„אָ, ווער האָט דעם טויט,
פאַר דעם האַר פון אַלע שרעקן אויסדערוויילט?
איך ווייס אַ שרעק אַזאַ וואו ס׳איז געווען אַ שטיפּערל
דער טויט:

אָט איז ער דאָ —
און ווי אַף צעלאַכעס, אָט ניטאָ.

„איך האָב דעם טויט געזען,
ווי אַנטקעגן מידבאָר־דורשט — אַן אויסגעקלערטער קוואַל.
איך האָב דעם טויט דערזען,
ווי אַ פאַרליבטן ריטער אַף אַן אויסגעכאַלעמט פערד.

„אַזוי האָט באַשערט — פאַן מאָרד אַליין:
מיך זאָל שינדן דער קאַרצער־קנוט, —
ביז זאַט איז ער מיט מיין געוויין,
ביז שיקער איז ער מיט מיין בלוט.

„איך שמעק מיט פרילינג פון „קאַרטוז־בערעזע“.
פון וואונדיקן שטויב שריי איך טויטערהייט:
אוי, ליבע מענטשן,
פון מיין פאַרליבטן גוף איז געבליבן
אונטער דעם פאַנס שטיוול — מיין צעטראָטן געזיכט,
און וואָלט ווער די פרירנדיקע האָר אויפגעקליבן
וואָלט נאָך געוועזן מיין אויסגעריסענער צאָפּ.
אוי, ליבע מענטשן,
איך בין אַ געשענדטע פּיין ניט אויסצוהיילן.
אָף מיין מאַמעס עלנט פענצטערל,
בין איך די שיידימדיקע שיין פון אַ טויטן־ליכט,
און די איבעריקע, ניט־דערזאָגטע רייד,
וועט שוין דער יאָמער פונם ווינט אייך דערציילן“.

## אַ צווייט שטויבעלע:

„איך בין פון אַ זייגער אַזאַ — די קראַמפּנדיקע צייט,
וואו יעדע רעגע איז — אַ לעצטע רעגע געווען,
ווי ס'וואָלט דורך מיר זיך וואַנזיניק גערירט —
אַ לעבעדיקער אָדער פון אַ צעשאָטענעם גוף;
און ס'האָבן די ווייזערס — צוויי געדולדיקע שפּיזן
די געשמידטע טעג געפירט
און פאַר יעדן אָנהויב — דעם סאָף געוויזן;
וואו יעדע בסורע איז געווען — דער פאַרשאָלטענער רוף,
וואו ס'האָט אַ האַנט מיט אַ האַנט צום לעצטן מאָל זיך געזעגנט:
יעדער בליק — אַ לעצטער בליק
פון אַ צום-טויט-פאַרמישפּעטן באַלשעוויק —
דער בליק וואָס האָט געזען,
די העלע אייביקייט — פאַר אַ לעצטן טראָט,
דער בליק וואָס האָט באַגעגנט בראַוו דעם עשאַפאָט".

## אַ דריט שטויבעלע:

„איך בין פון אַ שיווע-שטוב אין ווינט אַוועק,
פון הינטער אַ שפּיגל אַ פאַרהאַנגענעם.
דורך מיר לויערט נאָך די גלאַנצנדיקע שרעק:
אוי, פאַרשווינדט, פאַרשווינדט — פאַרשוואונדענע טעג,
איז דער גרוילנדיקער זון דער פאַרגאַנגענער".

2

נעם אין האַנט אַ הויפן סאָוועטישע ערד:
זע —
די בלינדע שטויבעלעך הויבן אָן צו טאָגן.
אַ צעטראָטענער הארבסט עפנט פרילינגדיקע צוויטן.
זע —
ס'האָבן די בלינדע שטויבעלעך אין שטראַלן זיך געביטן.

## אַ לענין-שטראַל דערציילט:

„איך בין אַ ליכטיקער גיבער.
פון דעם שענסטן זונאויפגאַנג האָט מיר דאָ געבראַכט —
אַ ציכטיקער בודיאָני-רייטער.
איבער דער פאַנסקער, ווערגנדיקער נאַכט,
בין איך אין גאַלאָפּ אַריבער,
אויף אַ וויכערדיקן פערד.
דורך מיר לויפט נאָך איצט,
די ערד — אַ פליענדיקער בליץ.
דורך מיר גאַלאָפּירט דער זיג אַלץ ווייטער! ווייטער!“

## אַ אידישער שטראַל:

„אַי-אַי-אַי, גוט-גוט-גוט,
ניטאָ דער פּאַן — דער פּאָגראָמען-קנוט.
גאַלאָפּ-גאַלאָפּ, מאַרש פון אַלע מאַרשן, אָ, רויטע אַרמיי!
גאַלאָפּ, גאַלאָפּ אָ, צוויטנדיקער מאַי!
אַזויפל שטעטעלעך צעשמיסענע ווארטן נאָך אין ריי,
און גרייט זיינען אַזש די דערשראָקענע שטיבער שפּאַנענדיק
צו אייך אַרויס:

אָ, וואו איר גאַלאָפּירט פאַרביי,
גלייכט די זוניקע האָפענונג די טעג די געבויגענע אויס“.

נאָר איין שטויבעלע האָט אין אַ שטראַל זיך ניט געביטן,
אַ שטויבעלע אַזאַ — אַ טאַליענס טרער,
באַוויינט דעם שיינעם הילך פון פאַגראָמען־קנוט:
„איך בין אַ שעד אַ בלינדער,
איך קען נאָר טליעדיקן כווישעך זען.
ווײ, ס'איז דער מאַרש פון באַגינענס איבער מיר אַוועקגעריטן.
ווײ, איך בין נאָך פול ניט אָנגעזופּט מיט אייער בלוט.
דריי איך מיך, אַ קיילעכדיקער אָוול, אייך פאַרביי
און מיין שיידימדיקע בלינדקייט שרייט:
ס'איז ניט קיין צוויטנדיקער מאַי,
ניט קיין וויכערדיקער רייטער,
ס'איז נאָר אַ פינצטער קייקעלע געווען".

און אַז דער שעד דער בלינדער, ווי אַ באַזיגטע שלאַנג,
קאָרטשעט ראַכמימדיק זיך צענויף,
באַם בליצנדיקן פאַך פון דער גערעכטער שווערד,
רייסט די פאַרשלאָסענע שטומקייט גוואורעדיק זיך אויף
און בעטלענדיקע הענטעלעך און געשמידטע הענט!
און געשענדטע הענטעלעך און אָפּגעהאַקטע הענט! —
ווי שטורעמס אַפּלאָדירן: זינגען
אַזאַ טויזנט מאָל טויזנט דונערדיק געזאַנג —
פאַר דעם מאַרש פון אַלע מאַרשן — דער רויטער אַרמיי!
פאַר דעם מאַרש פון אַלע מאַרשן — דער רויטער אַרמיי!
און ס'דאַכט אַפילע די גרויזאַמע קייטן אַליין,
טרייסלען פון זיך אוים — דוירעסדיק געוויין
און צעשפּרינגען זיך אַף אייביק אין טאַנצנדיקע רינגען:
— מיר זיינען פריי! מיר זיינען פריי!

# אַ נאַצי־רויז

פּוילן!
אַזויפל שטעטעלעך זיינען נאָך אין דיר פאַראַן,
וואו עס שפּאַנט נאָך אום דער שעכטער — דער נאַצי־כוליגאַן
און גרייט זיך אַזש די זון אַליין צו קוילען.
פון אַלע שטיבער גרוילט דער ברוינער זיג אַרוים:
קינדערלעך — מיט פאַרגרינטע סקאַרינקעס אין די גיריקע ציין.
אַן אויסגערונען אויג איז אַ נאַצי־רויז.
אַ שאָרך דערמאָנט אַ ניט־דערקוילעט געוויין.
פאַרנאַכט פאַרגייט די וועלט —
און אַפילו פאַר כאַלוימעס בלייבט נאָר איבער — אַ פאַר־
בלוטיקטע רוט;
און ס'בלייבן יעסוימימלעך מיט שמאַ־ייסראָעל אין די
לעשנדיקע אויגן,
איבער געוועזענע שטיבער ווי איבער קוואָרים געבויגן.
אַרום כאַרעווע קלויסטערס, דורך האַלב־נאַכטיקע שאָען,
קניען לעוואָנעדיקע בעטלער און קלייבן צלאָמימלעך
וואָס שימלען אינם בלוט
און פאַלן מיט געוויין אַף שטיקער פון אַלטאַרן — אַנטקעגן
אַ צעשאָסענעם יעזוס:
„אָ, יעזוס, אָ הייליקער פּאַן, ביסט פון געהענעם אַ גרוס,
פאַר די שפּאַנענדיקע נאַצים — די זיגערישע קראָען".

פּוילן!
נאָך וועט דיין קוואָרימדיקע נאַכט צו דער זון זיך אַ ריס־טאָן,
ווי מיינע העלע שטעטעלעך — מיכאַלישעק, סווינציאַן.
אַ וואָרנדיקער פאַרטאָג איז אונדזער פּאַן!
ס'לעבט דאָס לעבן איבער אַלע טויטן!
אינם כוישעכדיקסטן כוישעך איז דאָס ליכט פון פרייהייט
פאַראַן.

אָ, ווער קען דעם שטורעם אין קייטן פאַנגען?
ווער קען צאַמען דעם עמעס פון גערעכטן טראָט?
די שווערד פון עמעס איז די שווערד פון זיג!
מיר קומען בייטן דערוואָרגן געוויין — אַף פרילינג־געזאַנגען!
מיר קומען פלאַנצן דעם גאַנעידן — אַף דעם אָרט פון
עשאַפאָטן!

## 1

און עפשער מיין קינד,
דאַרף מען זיין אַליין אַ פויגל,
קעדעי די שפּראַך פון פייגל צו פאַרשטיין;
און עפשער מיין קינד,
דאַרף מען זיין אַליין — אַ שטיין,
קעדעי מיט דער שטומקייט פון שטיינער צו ריידן:
נאָר ס׳קען דאָך פאַרשטיין אַפילע אַ הילצערנער נאַר, —
אַז ווען ס׳איז ניטאָ קיין צאַר,
איז ניטאָ וואָס צו דערציילן אין פריידן.

און עפשער מיין קינד,
דאַרף מען זיין אַליין — דער מעסער
קעדעי צו ווייסן,
אויב ווי דעם קאָרבן איז אויך דעם מעסער טויט־וויי;
און עפשער מיין קינד,
דאַרף מען זיין אַליין דאָס געשריי,
קעדעי צו ווייסן,
אויב עפּעס איז פון פּיין גרעסער, —
נאָר ס׳מעג דאָך ווייסן אַפילע אַ קריצנדיקער פיינט,
אַז נאָך אַ נאַכט פון פינצטערנישן אַלערליי,
זעט מען שטענדיק ווי דער זיג שיינט.

2

## אַ לעצטע אײז־קריע דערציילט:

איך זע מײַן קינדהײט דורך פֿענצטערלעך פֿון פֿאַרלאָטעטן גלאָז
און כ'הער אַ לעצטע אײז־קריע דערציילן,
אַ קלוגן מאָשל װעגן פֿאַנסקן פּוילן, —
װי ס'איז דאָס אַלטע אײז צעגאַנגען פֿאַר שרעק,
װען ס'האָט אױף דעם דער װינטער גענומען פּוילן
און ס'האָט דערזען אָרום — די ערשטע גראָזן:

„איך בין אַ לעצטע אײז־קריע — אין אַ פֿעלץ פֿון קוים,
שװים איך טרויעריק אין פֿרילינגדיקן װיליע־טײַך
און שיק אַ קלאָלע — דעם געזאַנג פֿון נאָענטן װאַלד:
פֿלי אַװעק, דו בײזער פֿרילינג!
פֿלי אַװעק, מײַן סוינע פֿרילינג!
בור־ר־ר! בור־ר־ר־ר!
אָן אַ פֿרעסטל איז מיר אַזױ קאַלט־קאַלט־קאַלט!
אַ, אַ לאַנגן װינטער,
בין איך געװען מיט מעכטיקן פֿראָסט אַזױ רײַך,
בין איך געװעזן שטאַרק מיט אַזױפֿל טויט!
מײַן זילבערנער ייכעס שטאַמט פֿון פֿאַרשנייטן שװאָט,
װען אין פֿראָסטיקע שטיבער,
פֿלעגן מאַמעס איבער פּוסטע װיגן, קלאָרע טאַכריכימלעך נייען.
געװען איז מײַן ייכעס מיט טויטע קינדערלעך אַזױ זאַט.
אין שמאָלע קװאָרימלעך מאַמעש אַ גערעטעניש.
געװאָקסן איז קיין איַעך־האָרע־ניט מיט מאַזל דער צװינטער.
פֿאַן קאַברען הייסט מײַן טאַטע,
און װאַיענדיקע זאַװערוכע איז מײַן מאַמעס נאָמען,
נאָר אַז איצט האָט מאַסקװע גאָר אָן בושע מיך פֿאַראַטן
און פֿלוצלונג גאָר אין מיטן פֿראָסט געבראַכט אַ פֿרילינג!
און פֿלוצלונג גאָר אין מיטן פֿראָסט — מאַיאיקע פֿאַנען! —

איז ווי זאָל איך פאַרשטיין אַזאַ בייזע רעטעניש,
אַז אַף דעם אָרט פון יעדער קראַ, אַ קאַנאַריק מאַיסע כאַזז זינגט
און דאָ וואו אַ נאַקעטער דאָרן איז געווען,
איז אַ גלעטנדיקער שטראַל געוואָרן.
ווײַ צו מיינע פאַרשפּילטע יאָרן.
אָן וואונדן, ווי קען מען זיין געזונט.
און ווער האָט ניט געזען,
ווי מאָסקווע ציט מיך צום זינקנדיקן גרונט.
אָט־אָט־אָט און איך צעגיי
און בלייב אין שטראָמיקן ווילי־טייך — ברודיק געוויין".

## 3

## מאָסקווע האָט זיי פאַראַטן

מאָסקווע האָט זיי פאַראַטן!
מאָסקווע האָט זיי פאַראַטן!
ס'דערמאָנט מיר אין מיכאַלישעק — אַ צעדולטע קלויז,
ווען פּלוצלונג באַם שאַבּרים אַמאָל,
האָט אַמע די צעדרייטע,
פון העלער הויט זיך צעשריען
ווי ניט מיט איר אייגענעם קאָל:
„גאָט איז געשטאָרבן!
גאָט איז געשטאָרבן!
איך האָב פאַרטאָג אַליין געזען,
אַ פייער־מויל — אַ זון די גרוים,
האָט דעם פרומען כוישעך פון מיין טאָרבע אויפגעגעסן;
איך האָב פאַרטאָג אַליין געזען,
דעם קרעציקן דאַלעס, ווי אַ גילדענעם מאַראַנץ בליען
און אין בלינדן העקדעש האָט ער אַ קראַנץ שטראַלן פאַרגעסן:
גאָט איז געשטאָרבן!
גאָט איז געשטאָרבן!"

און אַנטקעגן אָפענעם אָרנקוידעש,
האָט אַמע נאָך גאָט אַליין קריע געריסן, —
נאָר ווען איבער דעם העקדעש האָט די האַלבע־נאַכט צעשאָטן,
ווי פינקלענדיקע מאַטבעיעס — בעטלערישע שטערן;
ווען דערמאָנט האָט אָן אַ שעד איעדער שאָטן
און ס׳האָט דער ריז — מיכאַסקע דער טויבער,
פאַר אַ קאַלטן יעזוסל, באַוויינט זיין בעטלערישע דאָליע
און געקאַרטשעט זיך ווי אַ ווערימל פאַר זיינע זינד, —
איז אַמע די צעדרייטע מיט אַ פאַרשמאָלצענער פאָלע,
באַם שיין פון אַ פינטלענדיקן קאָנעץ אין העקדעש געזעסן,
מיט אַ קרומער נאָדל געצירעוועט די קריע־ריסן
און געהערט ווי גאָט אַליין, אין אָסיענדיקן ווינט,
שילט זיין וויסטע וועלט אין טאַטנס טאַטן אריין.

## 4
## אונדזער יענטע טעלעבענדע

הערט מיך אויס, אָ, גוטע קינדער, אָ ליבע מענטשן,
לאָמיר ראַטעווען פון „פאָרוועריטס" די געשענדטע
יענטע טעלעבענדע
און זי וועט אונדז דערפאַר מיט אַלדאָסגוטס בענטשן,
אונדזער קלוגע, אונדזער האַסטיקע יענטע־טעלעבענדע.

לאָמיר ווייזן איר, ווי פון דער פאַרשלייערטער באָבעצע —
די לעגענדע,
פליט שוין אין ערדישן שטורעם דער לעצטער, הימלשער
שלייער;
ווי אין ברעישיסדיקן פאַרטאָג ברענט דער אייוועך באָטלדיקער
טרויער.
אָ, אונדזער פאַרפירטע צירקע און מירקע — אונדזער
יענטע טעלעבענדע.

לאָמיר אויסטאָן הויל ביז די אורוואָרצלען — די אויסגעקלערטע
לעגענדע,
אַז שרייען זאָל מיט וואוילע זיבן מאָס רייד,
אונדזער פאַרלאָטעטע — אונדזער זויבערע יענטע טעלעבענדע,
אינגאַנצן וואונדער — אינגאַנצן גאָפנדיקע פרייד:
— או־וואַ! או־וואַ! — אָף מיר און מיינע קינדערלעך אַזאַ יאָר,
זי איז גאָר אַליין לעגענדע — אונדזער יאָנטעוודיקע וואָר.

5

# דער ליכטיקער זעקס און דאָס פינצטערע זעקסעלע

(אַ מאָשל פאַר אַ סאַך אַזוינע מינים זעקסעלעך)

איך בין דיין פּאַשעטע מאַמע פון אַלט־מאָדישן מיכאַלישעק,
איז לאָמיר נאָך קינד מיינס אַ באַלאַקע־טאָן,
מעקויעך מאָסקוועס קלוגער וועלט־פּאָליטיק,
און מעקויעך די קאָלערליי פּיינע שלעק,
וואָס זיינען טשאַטעסוויז אין שווינדל־מאַרק אַצינד פאַראַן:
די פלינקע מאַרעוויכערס וואָס פאַרסאַכערן ווי און ווינד,
פאַר אַ טייסטער ברודיקע גראַצער אונדזער זויבערע פּאָן;
לאָמיר קינד מיינס אַ באַלאַקע־טאָן,
מעקויעך דעם טרויעריקן זאָל אין טוכלען „מאָן" —
נו, דאָס פינצטערע זעקסעלע מיט „מאַנען" דריי,
וואָס זיינען פון דער זוניקער „פרייהייט" צום שוואַרץ־יאָר אוועק,
זוכן באַ דעם ראָשע — אומגליק, פאַר דער וועלט גליק:
שטאַרקן מיט די בילנדיקע מיילער, די שוין הייזעריקע בילעריי
פון דער צעווילדעוועטסטער טשאַטע — די „פּאַרווערטס"־הינט.

אוי, „מאַנען" אַזוינע זיינען געווים ניט געפאַלן,
ווי געבענטשטער מאַן פון הימל.
זע:
אָט איז פאַרשאָלטענער שוואַרץ־מאַן,
אָט איז בלעכענער בלעך־מאַן,
אָט איז „אָרנטלעכער" היי־מאַן,
וואָס קען שוין „מענדעלעס קליאַטשע" ניט נאַרן אַז ער איז ערלעכער האָבער.

קוריץ, מיין קינד,
אַ געזונטער אָרעם מוז דעם דורכגעמוילטן אַרבל צעשפּאַרן,
און אַז דאָס היילנדיקע פּייער פון אָנגעגליטע שטראַלן,
האָט פון די גרויסע „נעשאָמעס" די פּיצינקע פליי דורכגענומען,
זיינען די ברודיקע „מאַנען" אונדזער זויבערער גאַס באַפאַלן:
נו, האָט זיך פלוצלונג געגעבן אַ שפּרונג און אַ שטעל,
אַ פאַרשפּילט זעקסעלע אין קוויטשנדיקער ריי —
איז פון צעבליטן פעלד אַנטלאָפן,
דאָס אָרנטלעכע וויאַנען פונם דאַרן היי;
האָט ס׳היילנדיקע פּייער געטראָפן:
דעם לאַנג-פאַרוואָרפענעם בלעך אין זשאַווערדיקן האַרצן
און דעם כוישעך דעם גרויסן
פון דער פּרויקע — שוואַרץ מאָל שוואַרץ;
האָט כוישעך און זשאַווער און אָרנטלעך וויאַנען,
זיך עם דערלאַנגט אין פּייער אַ צעשטויס,
בענעמאָנעס טאַטע אין הימל —
פון שוואַרץ, גרין און געל — אַ מאַרעשכוירע-געדריי,
אַ פאַלנדיקער טאַנץ פון פאַרלעגענעם שימל.

6

## אַן עפּ—שטיין

זע, מיין קינד,
אַ טעמפּער שטיין וואָס וואָלט אַפּילע ניט געקענט
פּאַר אַ בלינדלעכן פּאַרעטער אַ פּאָר גראָבע שפּאַקולן
אויסשלייפן,
פינקלט אין האַנט פון פעלשער, ווי אַן אויסגעשליפענער
בריליאַנט,
האָט זיך פּאַרנומען דורכשניידן די מאָסקווער קרעמל־ווענט;
אין מויל פון פיינט — אַן אַרומגעגריזשעטער ביין,
וויל אַף דעם געלן בוים פון פּאַראַט, ווי אַ זינגנדיקער זומער
רייפן.

ער וואָלט געוועזן אַ באַלן,
טאַקע ווי אַ פעלזן־שטיין,
איבער אונדזערע קעפּ צו פאַלן, —
האָט ער, איך וועל דיין קאָוועד איבערבעטן,
געשטעלט זיך אַ מעכטיקן טראָן,
דאָרט וואו דער קעניג אַליין גייט צו־פוס:
אַ געל קרעמל אַזאַ — קעגן רויטע געפּאַרן
און פּאַר קאָל־אַם־וועעידע — פּאַר „מענטש“, טכויר און
דאַרשנדיקן האָן,
בליאַסקעט קעגן אונדז — אַזאַ שפּאָגל נייער געט, —
אַי, איז עס אַ געטעלע, מאַמעש גאָלד צו שאַרן,
הער! — טרערן, פאָנען און וואונדן פון נייסטן פאַסאָן,
קימאַט בעכינעם צו פאַרקויפן:
„אידן פון מיזרעך, אידן פון מאַירעוו,
אַלע־אַלע לויפן־לויפן —
שטוינען, הערן און זען:
פון רויטע מעיסימלעך — אַזאַ צירק!
אַלע־אַלע פירער און מאַרטירער געוועזן.
קוינים פון דאָרעם, קוינים פון צאָפן,
אַלע־אַלע קויפן־קויפן,
ביליק־ביליק! ביליק!
פאַר אַ גראָשן — אַן אָרנטלעכע טרער.

פֿאַר אַ קאָפּיקע — אַ ביטער געוויין.
פֿאַר אַ דאָלאַר, אַזש פֿון כײדער, דעם פּעפּערדיקסטן סאָד.
פֿאַר אַ דרייער, דעם מאַאיקן הורא פֿון מאָסקווער סקווער.
(נאָר דאָ איז עס אַ טשאַדנדיקער גוואַלד,
פֿון אַן ענגער שול־הויף באַד.)
פֿאַר אַ פֿינפֿערל, — אַ בינטל „גע־פּע־או"־וואונדן —
ערשט פֿון אונדזער גאָרטן אַרויס!
ערשט פֿון אונדזער גאָרטן אַרויס!
פֿאַר אַ צענערל — צען רעגנבויגנס גליק:
דעם גאַנצן רויטן שטורעם,
פֿון יענעם, אָקטאָבערדיקן וואַלד,
אָלעוואַשאָלעם! אָלעוואַשאָלעם!
אָט ערשט אַ פֿרישן באַנדל מאָסקווע אויפֿגעבונדן.
מאָסקווע — אַ בייזער כאָלעם!
מאָסקווע — אַ בייזער כאָלעם!
און אָרנטלעכקייט פֿאַראַן — אַ גאַנצער טורעם!
ביליק־ביליק! ביליק!"

ער וואָס האָט אַליין געזען ווי שפּאַניע ברענט.
ער וואָס האָט געזען,
אַ נאַקעט האַרץ אונטער פֿראַנקאָס קנאַלנדיקן בייטש, —
אים וואָלט געפּאַסט אַצינד,
פֿון זיין פֿעטערס יערושע אַ לוסטיק פֿידעלע זיך קויפֿן,
מאַכן זיך פֿון בלעך (מאַנען) אַ בלעכענעם סמיטשיק,
צוקלעפּן זיך פֿון היי (מאַנען) אַן אָרנטלעכע האַנט
און ווי אַ פֿאַרליבטער קומען אין דעם טיראַנס הינטערהויף,
אויסשפּילן פֿאַר סינאָר פֿראַנקאָ — זיין בלוטיקן זיג;
און דאַן, אין אַ גריבעלע פֿון כיין,
אַי, גריבעלע, ציגעלע, ציג־ציג־ציג;
לאָזן דעם טאַליענס פֿאַרקישעפּט האַרץ,
איבער נאַכט אַליין,
מיט דער פּרויקע — שוואַרץ מאָל שוואַרץ מאָל שוואַרץ.

7

## מוישע גיבמיר

און אַז איצט האָט קינד און קייט דערזען,
אַז ער וואָס האָט אַזש שלאַנגען פאַר רעציכע געשלונגען
און אַ גאַנצן דאָר
אַזש מיט דעם קאָפּ, ווי מיט אַ שטאָלענעם פויסט געזעצט אין
סוינעם ווענט:

בורזשוי, דערלאַנג די וועלט! —
ער וואָס האָט דעם קונץ פון אַלע קונצן געוויזן,
ווי אַ מאַסקע גייט אַ באָרוועסן טאַנץ,
אַף הוילע שאַרפן פון טאַנצנדיקע שפּיזן
און ס׳האָבן אַזש אַלע טויט־מאַכשירים פאָכנדיק דורך אים
געקלונגען:

בורזשוי, דערלאַנג די וועלט! —
ער איז גאָר אַליין אַ גאַנצן דאָר אין שלאַנגען־נאָרע געלעגן, —
מיט די נעגל געגראָבן סאַמיקע קוואַלן אַף אונדזערע וועגן
און די באַק־ציינער באַהאַלטן אַף אַ גוטינקן מאָרגן,
ווען מיר ווי ציטערדיקע לעמעלעך וועלן בעטן זיך פאַרצוקן.

און אַז דער קאָכעדיקער וואולקאַן איז גאָר אין זייפנבלאָזן
צעפּאַלן,
האָט קינד און קייט דערזען:
אַ האָריק ניט קיין ווייניקן קוואַל, נאָר אַ פּאַרלעגענעם רינשטאָק,
וואָס קען מיט קאָלירנדיקן מיסט נאָר פּלייצן.
אַ מויל וואָס קען מיט טויט קעגן וועלטישן פיינט ניט שאַלן
און הענט וואָס פויקן ניט אין קיין בראַנדיקן שטורעם־גלאָק;
די פינגער, ווי איילנדיקע שפּינען, קענען נאָר דורך גליטשיקן
פּאַראַט זיך שאַרן —
הענט וואָס קענען מיט הייליקן מאַרטירער־פלאַם פון אונדזער
פאָן,
נאָר אַ פּראָסטיקן ראַצן־נעסט באַהייצן.

און געבליבן איז פאַר דעם געץ מאַמאָן זיך בוקן,
אַ דורכגעפוילטער ריז אַן איינגעזונקענער,
וואָס שליידערט צוריק
אין אונדזער אָרימען סאָד — די פּראָסטע עפּעלעך און בארן;
און פאַרכליניעט זיך פון גליק
באַם שיסל ראָסל־פלייש, דעם פאַרשטונקענעם —
וואו ביז דער גאַל האָט ער אַ גאַנצן דאָר געשפּיגן;
געבליבן איז פאַר דעם געץ מאַמאָן — אַ געשמאַדטע, העפקער־
דיקע באַבע ליגן,
אין אַ פאַרעטערישן ציילעם און אין אַ זוינעשן שלייער
אָנגעטאָן.
געבליבן איז איבער אַזעווס קייוער—אַ געלע, וויאַנענדיקע פאָן.

און אַזוי־אַזוי האָט ער אַ גאַנצן דאָר געקליבן,
אין ווערטערדיקע פלאַשן — גיפט־געטראַנקען
און מיט אַן אויפגעשרויפטן אָדלער־בליק,
די פעטינקע ווערימלעך קלוימערשט געטריבן
און איבער אונדזער דאַך געבויט: אויסגעקלערטע טאַנקען,
געגראַמטע טליעם — אַ גאַנצע פאַבריק;
און פלוצלונג גאָר אַ קער געטאָן,
קעגן אונדז — דעם ביקס, אַנטקעגן פיינט — די פען;
און פלוצלונג גאָר אַ קער געטאָן,
אַנטקעגן פיינט — די פוסטע פלאַשן,
קעגן אונדז — די גיפטיקע געטראַנקען, —
נאָר אין דעם אַווערדיקן גיפט,
איז געבליבן אַ פאַרסאַמטער גויסעס ער אַליין,
וואָס האָט צו אונדז אַ געלע ווידע אַ דיטש געטאָן:
„נאַדיר מיך אַליין — אַ צעבויגענער טרומייט
וואָס האָט אַ גאַנצן דאָר געטרובעט
מיט כוויזעק אין די הויפנס — דעם אַרבעטאָרערס געוויין.
נאַדיר דעם וואָס האָט אַ גאַנצן דאָר געבאַלבעט האָס,
קעגן „בוגימען" און קעגן שטרויענע רויבער.
נאַדיר דעם וואָס האָט אַ גאַנצן דאָר געפּעדלט מיט דער
הייליקער שוואוע".

און אַזוי־אַזוי האָט ער זיך אַצינד,
מיט איין פאַרפומירטן שווענק, אַרויסגעוואַשן די מאַזאָליעס
מיט דער הויט;

און אַזוי־אַזוי, מיין קינד,
איז פון הער „האָקוס־פּאָקוס" בא דעם פיינט פאַראַנען,
ניט אַן איינזאַמע ראָד פון אַ צעשמעטערטער באַן,
וואָס פלעגט אמאָל מיט יאָגנדיקע שטרעקעס זיך פאַרמעסטן;
ניט קיין אָדלער און ניט קיין טויב וואָס שמעקט מיט מאַבל,
נאָר אַ הויל קאַנאַריקל אַף אַ פאַרטריקנט בייט,
וועמען אַן אכזער, אַ אינגל האָט איעדן פעדער אויסגעפליקט
לעבעדיקערהייט
און בעט זיך באַם האָר אין אַ גאָלדן שטייגעלע אַף קעסט.
אַף פאַרשטויבטע פּאָליצעס וועט ערגעץ נאָך צאַנקען,
אַ טשאַדנדיק פינקל פון אַן איבלדיקער ליאַמע, —
וועט זיך נאָך וואַלגערן זיין געראַנגל—אַן אָפּגעשאַרענער נאָגל,
וואָס קען שוין אפילע אַ פליגעלע ניט געבן קיין איינציקן גראַבל,
און ס'וועט נאָך בלייבן זיין צאָרן:
אַ טרו־טרו־טרו צאַצקעלע אין די זעלטענע שראַנקען
פון אַ רייכער, אָפּגעבליאַקעוועטער דאַמע,
וואָס קלייבט פאַרדעכטיקטע אַנטיקן צו די עלטערע יאָרן.
— — — — — — — — — — — — — —

(נו, מישטיינס געזאָגט,
כ׳לעבן, ס׳לוינט זיך דען דערמאָנען,
דעם פּיפּקעדיקן פּיפּערנאָטער — דעם הינקענדיקן זשוליק, —
כ׳ווייס מען זאָגט —
ווען אַ זוינע טאַדלט זינד,
ווען אַ מאָסער ווינטשט געזונט,
קומט צען מאָל ניט-דאַ-געדאַכט — אַן אומגליק:
אַ שערעץ האָווקעט ווי אַ הונט,
אַן אויסגעטריפט ליכטל באַפעלט —
די זון מוז ווערן בלינד!
פון אַ פאַרשאָלטענער ברוע — אַזאַ געביל,
פאַרקייקלט אין קאָפּהאַקאָל — די „וועלט"!
אַ ניט-גוטער איבער „אַזעוו-בערג" האָפּקעט אַ פאַרפוילטן קאַדריל!)

דעם הער שעד און הער כויזעק געפעלט,
ווי ס׳האָט אַ פינצטער זעקסעלע מיט דעם ליכטיקן זעקס זיך פאַרמאָסטן:
דאָס פינצטערע זעקסעלע מיט פאַראַט אין די גלידער, ווי פרעסנדיקער דאָסט;
דער ליכטיקער זעקס האַלט מיט ענדלאָזע ליכט-אָרעמס ארומגענומען,
די צעפייניקטע פינף זעקסן פון דער וועלט
און סע ווייסן שוין קינדער אין די ווינדעלעך אפילע,
אַז דאָ וואו ס׳גרוילט אַ טליע אַצינד,
וועלן קאַקעטירן מיט ווינטעלעך — פאַרליבטע בלומען.

# אָ, הייליקער אויסלייזער בעניטאָ מוסאָליני!

1

אָ, הייליקער אויסלייזער בעניטאָ מוסאָליני!
ביסט ווי אַ פליענדיקער יעזוסל נאָר אויסלייזן עטיאָפּיע געקומען,
איז וואָס —
אַז דאָס האַרץ פון עטיאָפּיע פליט אַף שווערדן, אַנשטאָט מאַלאָכים־פליגל.

באַפוילן האָט דיין קאַנאָנען־מויל: ס'זאָל די פרייהייט זיך אויפריגלען!
איז וואָס —
אַז פריי איז נאָר דער וואַיענדיקער ווינט צו קלאָגן.

ביסט געקומען מיט אַ האָגל פון פרילינגס די וויסטע ערד באַדעקן,
איז וואָס —
אַז יעדער פרילינג איז פון אַ געפאַלענעם, עטיאָפּיער העלד.

ביסט געקומען אַז געזונט פעלד זאָל אויך פאַר ווילדן מידבער קלעקן, —
איז וואָס —
אַז דיינע פעלדער זיינען — געזונטע צווינטערס.

באַפוילן האָט דיין קנוט,
אַז בליען זאָל דאָס לאַנד פון די „באַרבאַרן" מיט גאָר די פּראַכט פון דיינע בלומען,
איז וואָס —
אַז מיט בלוט פינקלען די מוסאָליני־בלומען.

2

אָ, הייליקער אויסלייזער בעניטאָ מוסאָליני!
דיך קען דיין גאָט פון מאָרד ניט פאַרשעמען.
ער האָט געמוזט פאַרנעמען פון דיינע הייליקע די געבעטן,
אַז בראַוו זאָלסטו איבער קעפּ טרעטן
און מיט העיל סעלאַסיעס בערדל פוצן זיך דאָס בלוט פון דיינע
שיך.

וואו ווּעסטו אַהינטאָן אַזויפל זיג — אַזויפל טויט?
סיידן זאָלסט פון אַלע קעפּ אָן איימעדיקן באָוול זיך בויען —
און דו אין שפּיץ, ווי אַ זאַטע קראָ, זאָלסט זייען דעם אַש פון
פאַרברענטע זין,
איבער געבויגענע מאַמעס, איבער אַלמאָנעדיקע פרויען.

דו ביסט מעכטיק, ווי די פייער־האָגלען,
איבער די באָרוועסע, עטיאָפּיער מיידלעך,
וואָס האָבן אין בראַנד זיך צעשאָטן, באַ אַ קילן ברונעם —
מיט צעגאָסענע וואַסער־לאָגלען, אין די אָפּגעריסענע העמט.
אָ, דיין באַפעל קען לעשן אַלע זונען!
אָ, דיין באַפעל קען טורעמען פון וואונדן—יאָמערדיקע ווענט.
איבער דיר וועט שטענדיק שוועבן — דיין איינציקע פאָן:
אַן עטיאָפּיער קינד אַף אַ שווערד אָנגעטאָן!

נאָר ס׳וועט מיט דיר דער טויט ניט האַלטן אייביק שאָלעם.
נאָך וועלן די קעפּלאָזע גופים באַנאַכט פון זיגערישן שלאָף דיך
וועקן.
ס׳וועלן פון „אַדאַוואַ׳ — די בלינד געוואָרענע „באַרבאַרן“,
קומען דיר צו כאָלעם
און מיט די פאַרגאַזטע אויגן דעם וועג צו דער זון טאַפּן;
ס׳וועלן אַלע קאַליקעס פון „אַדיגראַט“ קומען
און מיט די קוליעס אין דיין שאַרבן קלאַפּן.
נאָך וועלן דיר דערוועגן — די צעיושעטע קאָשמאַרן.

נאָך וועט אין מאַירעוו — דיין מיזרעך זינקען.
נאָך וועט דאָס באַזיגטע בלוט דיך אַליין דערטרינקען.
אָקטאָבער, 1935.

# פ אָ ס ט ע ר

(צו זיין זעכציק יאָריקן געבורטס־טאָג)

און ווייל איך האָב האָלט אַזוי פון מיין קינדהייט פאַרבענקטע
מאַיסעלעך דערציילן,
איז גוט אַזוי זיצן באַ דעם איינציקן פענצטער פון מיין אָרים
צימערל אַצינד
און ווי אַ מאַיסעלע פון כעידער הערן „די בלעטער פון אַן ארבעטערס
לעבן".
אָ, דער וואָס פאַרשטייט די שפּראַך פון נויט, פאַרשטייט דעם
פאַרשאָלטענעם ווינט
וואָס קומט צו אַ היימלאָזן אַף אַ שטיינערנער בעט וואָיען דורך די
פרירנדיקע וואונדן;
פאַרשטייט די שפּראַך פון דעם ציטישן כאָלעם וואָס קומט אַף די
אומהיימלעכע שויבן,
די געמאָלענע שפּילכעלעך, ווי שאָלעכמאָנעס פונם טויט די
קינדערלעך אָפּצוגעבן.

מיט פולע פויסטן נעקאָמע האָסטו געזען —
די ערשטע, אירישע פרילינגס דיינע פוילן אַרום די „קעיטער־
סטריט" שטאָלן.
אויך דיין קינדהייט איז אַ קראַנקע בלום פון אַ בלינד געסעלע געוועזן,
וואו מיט די אוראַלטע שאָטנס געשפּילט האָבן זיך קינדישע
שטראַלן, —
ווי איך וואָלט די ערשטע טריט דיינע געהערט
דורך די אידישע העקדעשן פון ליטע און פון פוילן.

איז ווי זאָל איך ניט בענטשן דעם גורל וואָס האָט דיר פאַר אַ
קריגער קעגן נויט באַשערט:
די נויט וואָס האָט דיין יוגנט געוואַלגערט דורך די קאַרצערס פון
סטרייקנדיקע מאַטראָזן;
די נויט וואָס האָט דיין יוגנט מיט דער ווינטיקער אומרו פון א
האָבאָ געטריבן;
דיין נויט וואָס האָט ניט איינמאָל איבער די ראַכוועס פון אַמעריקע
בעטלען זיך געלאָזן —
און ווייל מיט גאָר דעם פייער פון אָקטאָבער קענסטו דיין מעכטיקן
קלאַס ליבן,
האָסטו געקענט צעבונטעווען פון אַמעריקע דעם וואָרנדיקן שטאָל.

אַצינד ביסטו באַם רודער פון דער פּאַרטיי וואָס פירט די שלאַכטן
פאַר אַ לעבעדיקן לעבן,
נאָך יעדער שלאַכט טוט די האַנט פון מאָרד אַ ציטער!
דער זוניקער עמעס גליט אויס דעם גאַליקן סאַם פון מאָנסטערהאַפטן
ליגן.
און ווייל דו האָסט די זעכציק יאָרן דיינע אויך פאַר דעם ליכט פון
מיין פאָלק אָפּגעגעבן,
טראָגט היינט מיין פאָלק זעכציק בלומען קראַנצן און אָט די הייליקע
שוואוע דיר אַנטקעגן:
— מיר וועלן זיגן! זיגן! זיגן!
מיט דער פרישער בראָכע פון אָנגעטרונקענע פעלדער נאָך אַ
שפייזנדיקן רעגן,
רוישט אַלץ נעענטער און נעענטער די קוועלנדיקע פרייד פון נאָך
דעם לעצטן געוויטער.

# אַ שיק־אינגל, צי אַן אַרבעטער־פּאָעט?

1

אָ, אידישע אַרבעטער, ברידער און שוועסטער,
ווי זאָל איך: אַ שיק־אינגל — אַ כניאָק,
דעם הויך פון אַן אַרבעטער־פּאָעט דערגרייכן?
ווי זאָל איך: אַ צען־דאָלאַרדיקער באָק,
שפּרינגען אַהין און אַהער — מיט דערשטיקטן האַס דעם
אויער קנעכטיש בויגן,
פאַר יעדן קער פון אַ ליאַדע פּוסטע צונג —
און דאַן, ווען יעדער שטראַל פון מיר איז אויסגעזויגן,
זוכן אין דאָרנדיקן נידער — פאַרוואָרצלטע הויכן?

ווי זאָל איך באַנאַכט אַ בראַווער אָדלער זיין,
פאַרטאָג — אַ שיק־אינגל, אַ גראַשנדיקער וויכער, —
אַז ווען דעם לאַנגן טאָג פאַריאָג איך מיט כניאָקישע טריט,
בלייבט מיר אַ שפּרינגנדיקער ביניען — אַן פענצטער און אַן ציגל
און ס'קען דאָס פאַרלאָשענע געמיט ניט געבן קיין מאַיקן שיין:
דאָס געבענטשטע וואָרט פאַרשילט זיך אַליין
און הויבט פון געבונדענעם אָרט זיך אויף אָן פליגלען,
ווי אַ פאַרקישעפטער שטיין, אין די פאַרדעכטיקע הענט פון אַ מאַרעוויכער.

ס'מוז דער אַרבעטער־פּאָעט, ווי דער שמיד באַ דער קאָוואַדלע גליען באַ דער פען,
און ווי ס'קען אַ געגרייטער מאָלצייט אָן פייער ניט זידן,
קאָן אָן ערלעכן שוויים פון פאַרהאָרעוועטע גלידער, קיין אַר־בעטער־ליד די וועלט ניט דערזען.

ווי דער געטרייער פויער האַלט פון פרי ביז שפּעט דאָס
זויבערע פעלד געראַטן
און גייט אַנטקעגן מיזרעך אויף — אַן ערשטער שטראַל;
און איז פון מידן אָוונט — דער ערשטער שאָטן
צו באַגעגענען אין פעלד — פון דער נאַכט דעם יאָנטעוודיקן
טרויער
און מיט דער דופּטיקער מי איז אים פיינלעך אַזש זיך צו
געזעגענען, —
אַזוי מוז רוישן דורך די טעג דער פרישער בילדער-קוואַל,
באַם לידער-וואַרשטאַט פון אַרבעטער-פּאָעט.

אָ, ליד,
גיב מיר ניט דעם פאַרשעמטן קער פון אַ גוואורעדיקן מענטש
— אַ שיק-אינגל.
גיב מיר דעם געניטן טראַט פון פלינקן הירש וואָס נאָרט אָפּ
דעם ציל פון פינקטלעכסטן יעגער.
קער זיך ווי אַ בליץ, אָ, אויסגעשליפענע צונג!
— — — — — — — — — — — — — —
און אַז איך ליג אַצינד — אַ פאַרשעמטער שיק-אינגל אָף מיין
געלעגער, —
קריכט דער שלאָף — אַ נודנער גאַסט, אַ ניט-געבעטענער,
קען די ביקס אין שלעפערדיקער האַנט ניט שלאָגן די
מעכטיקע דויבער —
און ס'בליט דורך מיר אַ פעלד פאַרזייטע לידער.
לידער—געשמאַק ווי מעליקע בולבעס מיט פרישער שמעטענע.
לידער — צווייגן אָנגעגאָסענע מיט זאַפט פון וויינטרויבן.
לידער — אויגן פאַרבענקטע הינטער גראַטעדיקע שויבן.
לידער — מיט ליכט, מיט גאַל: מיט זיג געלאָדן.
אָ, אויסגעוועפּט איז פון מיין ליד דער צויבער!
אַז, דורך מיר דרייט זיך די זון ווי אַ גרויע, צעבויגענע ראָד
און ס'קייכן כויזעקדיקע טעג אין מיין מאָגער ברוסט מיט זאַלץ,
ווי זאָל איך זינגען דורך די נעכט פון אַרבעטער-שטאָלץ?

2
# הימלאַז

אַז ס׳איז מיין היים — די בלודנע, דעצעמבערדיקע גאַס,
ווי זאָל איך אַליין — אַ שטיק פּראָסט, אַ ליד פון פרילינג
שרייבן,
אָ, אידישע אַרבעטער, ברידער און שוועסטער!
ווי זאָל איך פון אָט דער ייאושדיקער שאָ אַ ליד פון האָפענונג
מאָנען,
אַז הימלאָז בלאָנק איך אום
און די מידע טריט זוכן רו באַם שוועל פון אומרואיקסטן
געוויטער:
מיט געביילטע פויסטן, מיט פרילינגדיקן האַס —
קען איך דעם ווינט, דעם הונגער און דעם פראָסט ניט
פאַרטרייבן.

איך וויים —
פאַר דעם פאַרהאָרעוועטן שניטער, לעבן די פולע זאַנגען
נאָכן שניט;
איך וויים —
פאַרליבט וועט ערשט דאָס האַרץ ליבן, העל וועט ערשט דאָס
מאַזל העלן! —
נאָר פאַר דעם הונגעריקן אין אַ ניט־באַהייצטער שטוב,
ווי שווער, אָ שווער איז זיך פאָרשטעלן,
אַז ס׳מאָלט דאָס אייז אַ ליכטיקע וועלט אַף די עלנטע שויבן,—
אָט ווי שווער ס׳איז געווען פאַר יויסעפן אין האַס פון גרוב,
צו דער ליבע פון יאַנקעוו־אָווינו זיך דערהויבן.
איז ווי זאָל איך מיט ייאושדיקע הענט אַ ליד פון פרייד אייך
געבן,
אָ, אידישע אַרבעטער, ברידער און שוועסטער! —
אַז מיינע דריי און דרייסיק פרילינגס שלעפּ איך הימלאָז אום
דורך נאַכט און פראָסט,
און ס׳זיינען אַלע מיינע לידער ניט ווערט קיין היים טעפּעלע
קאַווע.
אָ, לעבן ווילט זיך אַזוי לעבעדיק ווי ס׳קען נאָר זיין דאָס לעבן,
און ס׳ווילט זיך שליידערן קעגן פיינט: לידער — צאָרנדיקע
לאַווע.

# אַ פאַרבענקטע שאָ

איך האָב פאַרטאָג מיין קינד געוויזן,
דעם אויפגעוואַכטן האָריזאָנט, —
האָט ער דערזען מאַיסעלעך פון ריזן,
האָט ער די פורפורנע ווייט פון מיר געמאָנט.

איך האָב פאַרטאָג מיין קינד געפרעגט:
— ווער איז בלינדער פון אַ בלינדן?
וועלכע זעג וואָלט אַלע זעגן צעזעגט?
וואָסער פייער קען אַ שטיין צינדן?

איז מיין קינד,
אַ ווייל — לויטער פראַגע געווען
און דאַן, גיך־גיך,
מיט די קלוגע הענטעלעך צעפּאַטשט אַ ווינט:
„בלינדער פון אַ בלינדן,
איז דער וואָס וויל ניט זען.
אַן אָנגעשאַרפט וואָרט קען אַלע זעגן צעזעגן.
דאָס פייער פונם הארצן קען אַ שטיין צינדן".

איך האָב פאַרטאָג מיין קינד געפרעגט:
— ווער איז דער טאַטע פון אַלע טייכן?
וואָס איז די פאָן פון אַלע לענדער?
האָט מיין קינד דערזען,
אַן אייביק־צויבערדיקן וועג
און ער אַליין איז — דער צויבערדיקער וועג געווען:
„דער יאָם איז דער טאַטע פון אַלע טייכן.
די זון איז די פאָן פון אַלע לענדער".

איך האָב מיין קינד געשעמט זיך פרעגן,
וואָס איז קויטיקער פון קויט, —
האָב איך מיין קינד,
וואונדער איבער וואונדער דערציילט, —
אַז ס'איז די קלאָלע — זינד,
קיינמאָל ניט אַרויס פון פאַרשאָלטענעם הייל;
אַז ס'האָט די גריל מיין צאַר נאָך ניט אויסגעזונגען;

אַז ס'וועט נאָך דער שטורעם — אַ שטילינקער זיך זעצן,
ווי דו אַצינד, אַף מיין שויס — אינגאַנצן האַרכנדיקער אויער;
אַז ניט מוישע־ראַביינו — דער הייליקער באַפרייער,
נאָר דער באַרימער רויך איז צו גאָט אַרויף
און איז — אַ ליידיקער טרויער צוריקגעקומען;
אַז אַרנס קאַלב — דער גאָלדענער געץ,
גייט נאָך אַלץ אין מיזרעך אויף;
אַז די קליגסטע שפּין וועט קיינמאָל ניט פאַרשלינגען,
דעם שיקערלעכן דופט פון די בלומען;
אַז ס'איז די פּראָסטע הויך קיינמאָל אין דער נידער ניט
געלעגן;
אַז ס'איז די מאַמע — לעבן, קיינמאָל ניט געוועזן טויט.
איך האָב מיין קינד געשעמט זיך פרעגן,
וואָס איז קויטיקער פון קויט, —
האָב איך מיין קינד,
וואונדער איבער וואונדער דערציילט.

ווען גרויזאַמער שטאָל האָט פון דעם גויסעם — אָוונט,
דעם שטראַלנדיקן גוף, ביז דעם לעצטן גליד געשניטן
און פון דעם מידן טאָג איז אין מאַירעוו נאָר אַ וואונד געבליבן,
האָט מיין קינד דערזען אַזוי נאָענט:
אַ זינקענדיקע וועלט — אַ פאַרבלוטיקטן שראַם,
איז מיין קינד — אַ האַיפּעלע שרעק איינגעשלאָפן.
אין כאָלעם האָט ער — אַ בראַוווער קאַפּיטאַן זיך געטראָפן.
דאָס בעטעלע האָט אין אַ שיף זיך געביטן
און ער האָט דורך דעם אויסגעטרוימטן יאַם
דער שיף געטריבן.

אַז אויפגעוואַכט האָט מיין קינד פון שלאָף,
האָט ער זיין זיג געזען — שטאַרק און בראָוו ווי דער יאַם.
פון דעם מאָרגנשטערן איז לעניו אַ טאָגנדיקער אַראָפּ.
און ס'האָט מיין קינד געוואוסט שוין זיכער:
דער העסלעכסטער פיינט — דער ברודיקסטער טראָפּן,
וועט קיינמאָל ניט פאַרברודיקן דעם שווענקנדיקן יאַם.

# צוויי כאַווירים

(וויליאַם אייבראַמסן)

מיין פרייד, מיין צאַר — מיין ליד צו דיר:
ניו־יאָרקער באַלשעוויק, מיט ליטווישער, טיף־נאַכטיקער
טשופרינע, —
וועלפקע, כאַווער מיינער: טרום פון מיין וואָר, וואָר פון מיין
טרוים.
איך האָב דיין ליבע אין כאָכמע פון ראָד, אין גוואורע פון
שטאָל געזען
און דיין ליבע האָט כאַוועלע „אין וועלדל באַם טייכל"
באַגעגנט:
די ביסט עס דער אינגל דער שלאַנקער געווען,
מיט אַ פול הארץ לעוואָנע, „מיט האָר שווארץ ווי פעך".
מיין ליד הילכט צו דיר ווי ס'קען נאָר דיין פרייד הילכיק זיין,
דיין פרייד: איבער בערג — עכאָדיק געלעכטער פון א
פרילינגדיקן דונער.
מיין ליד בענקט צו דיר, ווי ס'קען נאָר פאַרבענקט דיין
אומעט זיין:
העל און רירנדיק, ווי דאָס גיכע וואסערל אונטער דעם שמאָלן
בריקל,
וואו עלציק, מיין ברודער — דער ברייט־פלייציקער טרוימער,
האָט מיט זיין באַרוועסער דווערקען צום לעצטן, לעצטן מאָל
זיך געזעגנט,
דורך די באַנגע מעלאָדיעס פון זיין נאָגנדיקער מאַנדעלינע.

דיין האַס איז פון אַ האַפערדיקן שטורעם — אַ צאָרנדיק
געזאַנג,
וואָס שליידערט זון דורך פוילנדיקן אונטערגאַנג.
דיין האַס איז שטעכיק מיט מאַזאָליעטן ייכעס פון שטאָלצע
שוסטער:
דיין טאַטע, באַם שוסטער־וואָרשטאַט,
האָט זיין לעבן אָף דעם שאַרף פון אַן אָל אַנגעטאָן;
און דו, אַ, ליכטיקער יאַט,
שמידסט פון זיין טויט אַצינד — אַ פייער־פאָן.

איך האָב געזען
דיין אומרו — פינצטער,
ווי אַ געיאָגטע ציגיינער־בויד, איבער בלינדע, האַרבסטיקע
סטעפּעס;

איך האָב געזען
דיין אומרו ווי קלאָרער, מאַיאיקער ווינט.

דורך נעכט צעזוניקטע פון ליכטיקער כּאַוועראַשאַפּט,
האָסטו דיין ברויט, דיין פרייד — דיין לעבן מיט מיר זיך
געטיילט.

אַ, וויפל וועלטישע וואונדן,
האָט דיין כירורגיש וואָרט פאַר מיר אויסגעהיילט.
אַ, וויפל קינדישן וואונדער,
האָבן די לירישע שאָען דורך אונדז געצונדן.

אַ פּראָסטיקע, ניו־יאָרקער נאַכט.
װעלפּקע, כאַװער מײנער — בײן פון מײן געביין, —
פון אונדזער פרילינגדיק געמיט,
האָט זיך דער פראָסט אַלײן צעבליט.
הער, ס'איז ניט קײן נעס,
אַפילע אָט די נאַכט — די װיסטע קראָ, װי אַ נאַכטיגאַל דורך
אונדז זינגט:
„אויב פרייד איז נאָר אַ פאַרליבטער שמעטערלינג,
אויב אונדזער זײן דאָ איז אַ פליענדיקער מעסלעס,
איז אַלץ אין אונדזער טרוים קײן טויט ניטאָ.
מיט אַזױפל שײנקײט שטאַרבט מען קײנמאָל ניט".

שניי.
קינדישער, טאַנצנדיקער שניי.
אין דער ציכטיקער הויך כאַלעמט אונדזער באַרװעסע
קינדהייט,
אַז פון װינטערדיקע סעדער פאַלט בלענדנדיקער צװיט.
זע, אין אַ װינקל פון „עמפּאַיער־סטײט",
לויכט מײן װײט שטעטעלע — אַ פאַרשנײטער טרוים.
מײן פיצינקע שטעטעלע — מײן גרויסער טרוים,
איז אָקאָרשט שוין אַריבער דעם װעלטישן געװיטער!
אָ, װאָס איז נענטער פון ערשטן טראָט?
אָ, װאָס איז פון ליבע ליבער —
אויב ניט די ראַכװעסדיקע בענקשאַפט פון אונדזער מאָגערער
ליטע,
װאו אויך באַ דײן װיג האָט די טרײסטנדיקע מאַמע דעם
דאַלעס אויסגעזונגען.

איך האָב אין מײן אינגלשן כאַלעם אַמאָל געזען,
װי די פאַרױכערטע שטיבער טראָגט אַ מאַלאַך אונטער
גאַנעידן־פליגל
און דורך קאַלטע קוימענס, דעם טרויעריקן װינט, האָב איך
געהערט גליקלעך קלאָגן —
און מיר דאַכט, אַצינד האָט לענין מײנע כאַלוימעס
פויסער כאַלעם געװען:
אַז ניט מאַלאָכים, נאָר בראַװע, רויט־אַרמײאישע יונגען,
װעלן מײן ברודיק שטעטעלע — מײן רײנסטן טרוים, פון
בלינדן נידער צו דער זון טראָגן.

וועלפּקע, כאַוועך מיינער — ליד פון מיין ליד:
שפּאַנענדיק מיט דיר אַצינד, דורך פּראָסטן ראַאַש פון גאַסן,
רוישט יעדע גאַס, ווי אין כאָלעם אַ צויבער־גאָרטן,
ווערט יעדער טורעם — אַ מאַיסע פון אַמאָל,
אַ לעגענדע — יעדער שטיין;
און איך און דו — אַזויפל גוואורעדיקע פרייד;
און איך און דו: דורך פּראָסט, דורך פלאַם —
לעבעדיקער שטאָל.

נאָוועמבער 2, 1939

טײערע מײנקע:

איר האָט אָנגעשריבן זײער, זײער, זײער גוטע לידער פאַר דער „מאָרגן־פרײהײט". עס איז געווען אַ גרויסער פאַרגיניגן זײ צו לײענען.

שרײבט נאָך.

וואָס איז שײך דאָס ליד „צוויי חברים", איז באַטש עס איז אָנגעשריבן זײער גוט און אין אַ באַנד "לידער" דאַרף דאָס געווים אַרײַן (אגב, איר דאַרפט אָנהויבן טראַכטן וועגן אַ נײעם באַנד גוטע לידער), אָבער אין דער „מאָרגן־פרײהײט", דער עיקר נאָך ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ לעבע־דיגן "חבר", וואָס אַרבעט צווישן אונז, איז דאָס אין דער איצטיגער צײט נים פּאַסיג. אַזוי איז אויך די מײנונג פון חבר אײבראַמסאָן.

אײער, מיטן בעסטן גרוס,

# אַלגין, זע!

אַלגין, זע!
די רויטע פאַן איז איבער דיר אין טרויער איינגעבויגן:
די רויטע פאַן, די זון — די וועלט!
אַ, וויפל בליץ און שטורעם, אונטער די פאַרמאַכטע אויגן,
וועלן מיט זיג נאָך שאַלן ביז צום לעצטן שלאַכט-פעלד!

אַלגין, זע!
וויפל גלידער אין יעדערן פון אונדז, אַזויפל וואונדן ,
און וויפל טומע אין דעם סוינעס גוף, אַזויפל היענע-שמייכלען.
פאַר אונדז איז אויך דיין טויט —
דורך ווענט פון דיקן, גרוייזאַמען כוישעך — אַ פאַקל
אַ צעצונדענער;
פאַר זיי — אַ ברודיקע טרייסט,
מיט מעסערדיקן דאַרן אונדזער טראַט צו שטרויכלען.
פאַר זיי — פרייד פון אַ צעראַיעטן שלאַנגען-נעסט.

אַלגין, זע!
ניט אַן אייביקע נאַכט איז דיין מיטן טאָג באַפאַלן.
פון דיר, ווי פון אַ ווייטן, רופנדיקן פלייט,
וועט קיין איינציקער, קלאָרער קלאַנג,
אין שטומען שטויב ניט פאַלן.
דורך אַלע מאָרגנדיקע דורות וועט טראָגן זיך דיין בראַנדיק
געזאַנג.

און כאָטש ס'ווילט זיך אַצינד,
מיט געבראָכן געמיט, איבער דיין אָרן זיך פאַרקלייבן
און זיך צעקלעמען ווי אַ קינד
און לאָזן נאָר די אויגן — לידער פון טרערן שרייבן;
און כאָטש ס'ווילט זיך אַצינד,
איבער אונדזער גרויסן בראָך פאַרברעכן די הענט
און ווי אין אַ וויסטן כאַלעם קאָרטשען זיך פאַר די אייגענע
פיר ווענט,
ניט צו דערפרייען דעם סוינעס פינצטער בלוט, —
וועלן מיר, ווי דו, מיט שטראַלנדיקן האַס צעצינדן דעם מוט!

אין אַ פּראָסטן דינסטיק האָסטו דײַן לעצטן זונפאַרגאַנג
געזען,
נאָר ס׳קען דעם פרילינג ניט פאַרשטומען דער טרויעריקער
אָרן.
אָלגין, זע:
וויפל לעבעדיקן פלאַם קעגן סוינע, וועט נאָך שליידערן
דײַן צאָרן.
ווי בראַוו וועסטו נאָך זײַן — דאָרט וואו דײַן שלאַכטפעלד
איז געווען.

ס׳בלייבט דײַן וואָרט — אַ לויכטנדיקער וועכטער.
אין אונדזער יעדן שטורעם, וועסטו מיט אונדז נאָך שטורעמען
און וועסט נאָך העלדיש פעכטן אין אונדזער יעדן קריג.
וועסט די רויטע פאָן פון שלאַכט צו שלאַכט פאָראויס נאָך
טראָגן,
ביז ס׳וועט פון אַלטער פינצטערניש, נייע זון זיך פורעמען.
ס׳וועט דײַן טויט דורך אונדז אייביק טאָגן.
דו וועסט שטענדיק הילכן דורך אונדזער געלעכטער.
דו וועסט שטענדיק זיגן מיט אונדזער זיג.

אלגין, זע!

# אַ העלער טרויער־מאַרש

איך האָב היינט געזען דיין זוניק לעבן —
ענדלאָז שפּאַנען,
מיט די פאַרבענקטע טריט פון הונדערט טויזנט אַוואַלים
און מיט טויזנט מאָל אַזויפל פּיינען האָט געוואונדיקט
איבער דיר די רויטע פאָן.
ס'האָט יעדערער פון אונדז דאָס האַרץ דעם טרויער אָפּגעגעבן.
ס'האָט יעדערער פון אונדז דיין נאָענטן טויט געזען —
אין אַ וויטן, קראַנקן כאַלעם
און דו אַליין ביסט געווען — זון און זון און זון!

אָ, מיט וויפל לויכטנדיקער ווייט איז דער זיגערישער מאָרגן,
אין יעדן זעמדעלע פון דיין מאַרטירער־קייווער פאַראַנען!
„האָסט אַ פאַרוואונדעטער צענדליקע יאָרן אָף באַריקאַדן זיך געשלאָגן!" *
וויפל פיינט וועלן נאָך בלייבן באַ דיין ווערטערדיקער גאַל דערוואָרגן!
אין דער „מאָרגן־פרייהייט", אַרום די אַוואַלימדיקע ווענט,
שאַלט היינט העכער דיין פאַרשטומטער קאָל.
דאָ בלייבן דיינע טעג וואָס האָבן איבער קעפּ פון פיינט אַזויפל פינצטערניש פאַרברענט;
און ס'בלייבן דיינע פיינט — וואַנזיניקע ראָבן, פאַריאָגט באָם לעצטן ראַנד,
אונטער קרישלדיקע בערג — אין אייגענער צעפּוילונג געזונקען:
נאָר אין אונדזער אַלעמענס לאַנד,
האָט זיי אַ קראַקעדיקער נעכטן לאַנג שוין איינגעשלונגען
און די זון איז ווי דו אין דער אייביקייט געבליבן.

איך האָב היינט דיין טויט געזען הונדערט טויזנט מאָל לעבן,
איבער דעם גליווער פון אַ קוואַרימדיקער נאַכט.
פון דיין ריזן-בילד פּאַראויס,
האָסטו געריסן זיך פון בעיסוילעם-טרויער—צו ליכטיקער פרייד,
ווי די פּאַרשניטענע טויטן-קראַנצן — צוריק צום רויזן-פעלד;
און ס'האָט געדאַכט,
אַט באַלד וועסטו אין העלן טרויער-מאַרש אַרויס
און נאָך דיין אייגענעם אָרן גיין — אַ געבויגענער העלד.

איך האָב דיר היינט געזען אויף יעדן שטיין צעצווייט,
ווי ס'וואָלט געקומען,
אַ זוניקער גערטנער פון אַ ערגעצדיקן שניט
און דיינע איינאַונזעכציק זומערן צעשאָטן —
און מיר האָבן פון דיינע געפאַלענע זומערן איעדן שפּרינקעלע
אויפגעקליבן,
קעדעי דיין לעבן אין מיליאָנען קערנער, איבער גאָר דער ערד
פאַרזייען,
אַז קענען זאָל איעדעם קערנדל, ווי דו, דער רויטער פאָן ליבן;
אַז זיין זאָל אונדזער ווייססטער מאָרגן אין דיר געראָטן.

* אַ שורע פון כ' פּ. נאָוויק'ס הערפּעד איבער אָלגינ'ס אָפענעם אָרן.

# אַלגין אין אַ ליכטיקער פּאַרטיפונג

## 1

האָסט אַמאָל אַ שיין מאַיסעלע מיר דערציילט —
ביסט דאָן אַ געמאָרע-אינגל — אַ בלאָנדער טרוימער געווען,
און ס'האָט אַ לעוואָנעדיקע שאָ פון שלאָף דיך געהויבן.
האָסט אזוי נאָענט דעם ווייטן האָריזאָנט דערזען.
דאָרט האָט דער סאָף געקוקט דורך אַזויפל נייגעריקע שויבן,—
ס'האָט געצויבערט דיין אוקראַינער היים — דער אוראַלטער
וואלד.
האַלב-נאַכטיקע שטראַלן, ווי לעבעדיקע זילבער-פלעקן,
האָבן זיך פון צווייג צו צווייג געשאַרט.
מיט אַן אינגלש, קלאַפּנדיק האַרץ,
האָסטו יעדע רעגע — אַן אוועירע פון דער וועלט געציילט:
ערגעץ אַ פאַרליבטער פויגל-נעסט פון אַ קראַ באַפאַלן,
האָט מיט אַלע בלוטנדיקע גלידער געשריען גוואלד
און האָט אין איימעדיקן וואלד,
אַפילו אַן עכאַ פונם טויבן יוישער ניט געקענט אויפוועקן,
און דו האָסט גרייכן דעם האָריזאָנט אזוי געגאַרט:
האָסט די געטלעכקייט געוואָלט מיט די פאַרבענקטע פינגער
שפּירן
און וואָס מער דו ביסט צו דעם מיראַזש דעם העלן געגאַנגען,
אַלץ ווייטער איז דער נאָענטער האָריזאָנט פון דיר אַנטלאָפן.
די לעוואָנע איז איבער דעם טויטן פויגל-נעסט טאַכריכימדיק
פאַרגאַנגען,
נאָר דו האָסט גרייכן דעם האָריזאָנט ניט אויפגעהערט צו האָפן.

און אויב דו האָסט דיין אינגלשן האַריזאָנט ניט געקענט
דערגרייכן,
האָסטו דערגרייכט דעם האַריזאָנט פון פרייהייט — די
ווייטסטע ווייט פון דיין יאָרהונדערט.
האָסט מיך געלערנט לויערן די טיפסטע טיפן, זוכן די העכסטע
הויכן,
געפינען אין איין פראָסטן שוואונג פון אָרעם אַלע זיבן וואונדער.

האָסט מיך געלערנט פאַרשטיין:
אַז דערפאַר וואָס יעדער דערגרייכטער סאָף אַ ניט־דערגרייכטן
אָנהויב מאָנט;
אַז דערפאַר וואָס אַפילו די גיכסטע רעגע איז איין רעגע אַליין
און וועט זיך אייביק רייסן צום ניט־גרייכבאַרן ברעג פון צייט,—
וועט דער מענטש קיינמאָל ניט גרייכן דעם לעצטן האַריזאָנט,
ווייל יעדע דערגרייכטע ווייט וועט שטענדיק ציען צו אַ
ווייטערער ווייט.

האָסט מיך געלערנט פאַרשטיין,
אַז ווען ס'וואָלט דער מענטש גרייכן דעם לעצטן, ליכטיקסטן
האַריזאָנט,
וואָלטן מער קיין ליכטיקערע אָנהויבן ניט געווען;
וואָלט דער זוכנדיקער לייטער קלעטערן זיך אָפּגעשטעלט;
וואָלט דער ווייטסטער טראָט מער קיין ווייט ניט געמאָנט
און ס'וואָלט דער אומרואיקסטער באַגער זיין רו דערזען,
אין אַ גרויער, זאַטער וועלט.

איז גוט וואָס ס'וועט דער מענטש צום לעצטן האַריזאָנט
קיינמאָל ניט דערגרייכן,
נאָר פון יעדן זיגערישן סאָף, צו אַ ניט־דערגרייכטן אָנהויב,
וועט ער פון יאָרהונדערט צו יאָרהונדערט אייביק שפּאַנען
און לעניִנס ליכטיקסטע נעוואוע וואָס אַ נעכטיקער דאָר האָט
פאַרשטאַנען,
וועט אַ מאָרגנדיקער דאָר ליכטיקער פאַרשטיין.

2

און ווייל דו האָסט די אייביקייט ביז דעם סאָף פון
סאָפלאָזיקייט פאַרנומען,
און האָסט געקענט מיט דיין וואָרט די אומענדלעכקייט
פון צייט איבערשפּאַנען,
איז אויך באַם לעבן געווען מיט דיר די אייביקייט — אין
כאָלעם און אין וואָר.
אין כאָלעם האָסטו געזען די נאָך־ניט־פאַרזייטע בלומען,
איבער דער באַזיגטער מאַכט פון צעשמעטערטע טראָנען;
אין כאָלעם האָסטו געאָטעמט די רייכעם פון מאַרגנדיקע סעדער
און האָסט געהערט רוישן נאָענט — דעם ווייטסטן דאָר.
אין וואָר ביסטו געגאַנגען אַף יענער פריידיקער ערד,
וואָס האָט פאַרשליידערט הינטער זיך די קעפּ פון צעטראָטענע
טיראַנען;
אין וואָר איז דיר געווען באַשערט,
צעלויכטן דעם פאַרשאָלטענעם היינט מיט דיין געבענטשטער
פעדער.

פאַר דיינע מעכטיקסטע פיינט איז דער טויט אַ צייכן,
אַז ס'האָט פאַר זיי געלעבט די זון אַזוי לאַנג ווי זייער גרויזאַם
לעבן,
ווייל מיט זייער לעצטן אָטעם שטאַרבט אויך פאַר זיי די זון,
און ס'פאַלן מיט זיי אין קייווער זייערע העכסטע „הויכן“, —
ס'בלייבט נאָר אַ בייכיקע יערושע מיט געגאַזלטע פליגלען,
ווי אַ העסלעכער רויב־פויגל, איבער אונדז שוועבן
און ס'בלייבן אונדזערע טעג אין געררויבטן גאָלד פינקלען,
ביז פלאַצן וועט פאַר זיי די וועלט ווי אַן איבערגעצויגענער
באַלון,
ביז די באַזיגטע שווערד וועט שימלען אין זייער פוילנדיקער
גאַל.

דו ביסט די פולבלוטיקע האָפענונג דורך דעם דאָלעם
דעם בלייכן
און ס'האָט פון דיין לעבן קיין איינציקער שטראָל ניט פאַרלאָשן
זיך מיט דיין גוף צוזאַמען,
ווייל דורך די זאַפטן פון דיין וואָרט, וועט דער עמעס —
אַ ליכט־קוואַל,
ליכט פון דער טיפסטער טיף, דעם גאַרנדיקן דורשט אייביק
געבן;
דו וועסט דאָס האַרץ פון נאָך־ניט־געבאָרענעם מענטש גרייכן,
מיט דעם פאַרכאַפּטן אָטעם פון זיגעריש געפעכט, —
מיט דער האָפערדיקער שפּיל פון באַגייסטערנדיקע פלאַמען.
ס'וועט דיין לעבן — אַ מישפּעט אַ גערעכטער,
פון וואָרט דורך וואָרט, פון מענטש דורך מענטש פולסירן,
רעגע נאָך רעגע — דאָר נאָך דאָר
און ס'וועט דיין פאָן ווי פייער דורך כווישעך אונדז פירן,
צו אַ פעלקערדיקן רעגנבויגן פון טאָטער, איד און טערק.

אָלגין האַרך:
כאַלוימעס פון טיראַנען קראַכן אָף די צילינדערדיקע מערק —
די וואָס האָבן אונדז געוואָלט,
צו זייער שלאַכט, ווי מונדירטע פּי פאַרקויפן —
פאַר אַ קאָפּ מאַרך — אַ קאָפּ גאָלד.
אָלגין האַרך:
רויטע שטורעמס יאָגן, די פינצטערע מאַכנעס לויפן
און פון דוירעסדיקע טפיסעס — צעבייטשט און הויל,
שפּאַנט פון די „צעבראָכענע גראַטעס", פאָלק נאָך פאָלק ארויס,
און מיליאָנען קוילעס רעוען אויס:
היידאַ, רויט־אַרמייער, פאָראויס! פאָראויס! —
ווייל נאָר קעגן טיראַן צילט איר, פלאַצט זוניק אייער יעדע קויל.
אייך איז באַשערט צו קעמפן דעם טויזנט־קעפּיקן גרויל!
אייך איז באַשערט איבער העסלעכן מאָרד מיט וואונדערלעכן
מאָרד צו רעגענען! —

און אָף אַ נייער, פרייער ערד,
דעם זיג פון אַלע דוירעס — אויג אָף אויג באַגעגענען!

1

הערט:
דאָס זעלביקע געוויין — דאָר נאָך דאָר;
דאָס געוויין איז אַלט ווי די קוואָרים אָף דער ערד,
אַ טראָפּן טוי איז אַ טרער פון טויזנטער יאָר.

הערט:
דער זעלביקער שטורעם-ווינט — דאָר נאָך דאָר.
דער מענטש איז אַלט ווי די לעגענדע אָף דער ערד.
איין שטורעם-ווינט איז לעגענדע פון טויזנטער יאָר.

לאָמיר זינגען דאָס געוויין און די לעגענדע פון אייביקע אידן.
לאָמיר זינגען פון אַ פאָלק אין אַ קעסטעלע פאַרבאָרגן,
פונוואַנען —
מוישע-ראַביינו האָט געקענט אַזש ביז הימל שפּאַנען.
(אָ, ברענענדיקער דאָרן, האַלט דאָס בלוט אין ליכטיקן זידן!)
און פון קינדישע באַגינענס לאָמיר זינגען,
וואָס דער נעכטיקער פּרעה — אונדזער היינטיקער טאַליען,
האָט מיט דער זעלביקער פּעטליע דערוואָרגן.

הערט —
פון מוישע-ראַביינו — דאָס אוראַלטע קלאָגן:
„וויי, ברידער מיינע, וויי!
וויי, שוועסטער מיינע, וויי!
נאָר פון אַ טרויעריקער וויַיט, האָב איך געזען מיין טרוים טאָגן
און איך ווייס שוין אַצינד —
דער צויבער-שטעקן איז געווען מיין גרעסטע זינד, —
בין איך אַצינד — אַ נאָווי אַ נייער:
אָ, מענטש —
איך בענטש די קלאָלע פון דיין מישפּעט דעם גערעכטן:
מיט דעם געשריי פון דיין בלוט,
מיט דער בראַנדיקער צונג פון פייער —
ברעך די געהענעם-רוט!
פאַריאָג דעם נאָענטן גרויל פון וויַיטן נעכטן!“

2

ברוינער כצאַם.
דער דעצעמבער־ווינט,
מישט בלוט און שטויב און טרערן.
פאַכאַד פון אוראַלט — אין אידישן געוויין.
אונדזער גוירל וואַלגערט זיך — אַ צעטראַטענער שטערן.
אידן דורך שווערד, דורך שאַנד, דורך שפּאַט געטריבן,
ווי פון היצלען — איבעריקע הינט.
וויי, ס׳איז דאָס אידישע שטעטעלע געבליבן,
מיט דעם טויט אַליין, אַ—ל—יי—ן!

איבער די ליידיקע שטיבער — אַ צעשראָקענע לעוואָנע,
לויכט דורך אַשיקע וואונדן פון צעשאָסענע ווענט.
אַ, פאַראַן נאָך לעבעדיקע שוועסטער און ברידער!
די סוואַסטיקעס באַפעלן:
„אונטער אַט דעם שווערד, אונטער אַט דעם קנוט,
טאָר קיין איינציקע פּוס זיך ניט שטעלן״,
פאַלט דאָס שטעטעלע קוירים אַנידער, —
שאַרט זיך אַ גדוילנדיקע וועלט
אַף וואונדיקע קני, מיט פאַרבראָכענע הענט:
„וואוהין?
וואוהין?
צו וועלכע טויטן? צו וועלכע גרויזאַמערע גרוילן?“

אַליך גיכער און גיכער די פײניקער יאָגן:
„צוריק צום אוראַלט!
צוריק צום אורוואַלד!"
לױפן געשלײדערטע גופים — אױף פױזנדיקע הענט
און פאַרגײען אין אַ יאָמערדיקן גוואַ—אַ—לד!
מאָרד רעװעט אומעטום:
„שטום, פאַרשאָלטענע, שטום!
קײן אײנציקער קרעכץ, קײן אײנציק געװײן!"
בלײבט די פאַרשטומטע מאַכנע װי אַ דערװאָרגענער געװיטער:
„אױ, גאָט,
אַפילע דײן װינט איז פאַרבאָטן צו קלאָגן
און ס'איז יעדן קראַנקן פאַרװערט צו זײן קראַנק;
אױ, גאָט,
אױב דו ביסט אײביקער פײער,
האָבן מיר, דורך דיר שױן אױסגעברענט ביז דעם שװאַרצן ברעג פון קנױט;
אױב דו ביסט אונדזער הײליקער היטער, היט אױס פון טומע אונדזער טױט.
שענק אונדז כאָטש דײן האַס, אױב דו קענסט אונדז ניט ליבן.
אױ, גאָט,
באַפאַל אונדז װי אַ ראַכמימדיקער דונער!"

3

און מיט דער געיאָגטער שטעטעלע אידן —
וואָגלען ייסראָעל און ראָכעלע — אָרעם אין אָרעם געבונדן:
„ייסראָעל, מיין ייסראָעל!
אַלע כאַלוימעס האָט דער שעד שוין אויסגעלאָכט.
איבער אונדז די לעוואָנע איז אַ טויט אַ העלער.
ווען ניט דו, מיין ליבער, וואָלט גוט געווען,
אַליין צעשליידערן די פופצן פאַרליבטע יאָרן, —
אַז ניט אין אַ בייזן כאָלעם האָב איך געזען,
מיין היילקן זיידן — אַ פאַרשפּיגענע וואונד;
און געבליבן איז ער בענקען נאָך אַ קייווער — אין
פאַרבלוטיקטן קעלער".

„ראָכעלע, מיין ראָכעלע,
מיר טוט פאַר דיר איעדעס גליד אַזוי באַנג, אוי, באַנג.
ס'האָבן שוין די טרערן אַזש דורכגעווייקט דיין צאַרט געזיכט.
ס'פינקלט די שרעק אין דיינע לעשנדיקע אויגן.
ביסט דאָ אין טרויעריקן לעוואָנע-ליכט,
אַ פאַנטאַסטישע קאַלע איבער אונדזער פאָלק געבויגן.
ראָכעלע, מיין ראָכעלע".

„ייִסראָעל!
איך זע מײַן ייִדן אין צעפּליקטן טאַלעס, ווי געיאָגט דורך קאַפּהאַקאַלן:
די גיכע ליפּן מורמלען אַ לעצטע טפילע קעגן קוילער.
געבליבן איז זײַן בראָכע איבער אונדז, דורך בלוט און כוישעך פון נאַצי־פּוילן;
געבליבן איז אין ווינט די שײַנע באָרד מיט כאָכמע פון העלע אָוועם שטראַלן.
ווײַ!
צי האָבן דעם טאַליענס הענט די זון אַף אײביק פאַרשטעלט?
וואו ביסטו, אָ, וועלט?
אַ גרום דיר פון געבענטשטע אידן,
ועמען ס'איז געווען באַשערט אַף אײגענע בײדעמער זיך צו הענגען;
אַ גרום דיר פון פאַרשאָלטענע אידן,
וועמען ס'איז, ווי אונדז, ניט באַשערט
קיין מאַזלדיקע קוואָרים אַף דער ערד".

„ראָכעלע, מײַן ראָכעלע,
אַף יענער־זײַט גרעניץ — אַף יענער זײַט מאַזל,
קושן גוטע ווינטעלעך אוים אַיעדע וואונד.
אָ, יענער־זײַט גרעניץ! אָ, יענער־זײַט מאַזל!"

4

פאַרדעכטיקע באַרזשעס וואַרטן טרויעריק, ווי פאַר אַ
טויטן-וועג.
יעדע באַרזשע — אַ גיגאַנטישער אָרן,
האָט אַלע האָפּערדיקע הויכן מיט דעם שטויב פון קוואָרים
אויסגעגליכן:
פון פאַרלאָשענעם אינגעווייד, נאָר אַ לעבעדיקער קוימען,
שרייבט שוואַרצע צעטלען מיט די שיידימדיקע רויכן.
די כוואַליעס פאַרשווענקען דוירעס טרוימען!
די כוואַליעס רופן דעם גאָט פון צאָרן!

— — — — — — — — — — — — — — —

ש—ט—י—ל !
באַם איינזאַמען ברעג טרינקען זיך די שטערן.
באַגינען וועט אין יעדעס וואַסערל אַ בייזער סאָד טאָגן.
די וואַסערלעך איילן שעפּטשענדיק,
ווי נאָך די פאַרשוואונדענע באַרזשעס ווידע צו זאָגן.

5

צוריק זיינען ליידיקע באַרזשעם אַוועק
און אַף אַ פּראַסטיקן פעלז איז דאָס שטעטל אַרויס,
באַגעגענען דעם הונגער, דעם עלנט — די שרעק.
די זאַטע שווערד האָט שוין דעם פעלז מיט בלוט פאַרזייט,
בליט דאָ אַ פאַנטאַסטיש פעלד מיט געהענעם־רויזן.

אַרום —
מאַניעט דער טייך מיט פאַרגעסענעם שלאָף.
דאָס שטעטעלע דורך איימעדיק געוויין,
דראַפּעט זיך אַף דעם אוראַלט,
ווי ס'וואָלטן דאָ די געסעלעך זיך פאַרקליבן,
צו שליידערן זיך אין טייך — שטיין נאָך שטיין.
די קאָרטשנדיקע קופּע איז געבליבן:
אין אַ טויבער וועלט — אַן ענדלאָז־הייזעריקער גוואַלד.

נאָר ייסראָעל און ראָכעלע סוידען זיך שטיל־שטיל:
„ראָכעלע, מיין ראָכעלע,
מיר וועלן לעבן! לעבן! לעבן!
אויב אַפילע — קלאַמערן זיך אין גליטשיקן פעלז,
מיט צעבראָכענע נעגל, מיט הילפלאָזן ציין־געקריץ!
מיר וועלן לעבן! לעבן! לעבן!"

„ראָכעלע, מיין ראָכעלע,
ניט דעם מענטש צו האַסן, ניט דעם מענטש צו באַפאַלן,
האָט די גוטע מאַמע — נאַטור, געהאָדעוועט דעם פעלז
טויזנטער יאָר.

אַזש פון קינדהייט אָן,
האָט מיט דעם נאַקעטן פעלז געהאלדזט זיך דער טייך —
דורך דוירעס נאַכט, דורך דוירעס זון,
האָט ער די לעגענדעס פון טייך אין זיין גוואורע אָנגעטאָן;
און פון דעם פעלז האָט שוין אזויפל מאַיסעלעך דערציילט דער
טייך:

מאַיסעלעך פון טאַנצנדיקע קוואַלן,
וואָס זינגען ווי וואַסער-מיידלעך אין אַ קישעף-כאַר,
דעם פאַרליבטן פעלז צו געפעלן;
מאַיסעלעך פון מאַלאָכים, קינדער און שטערן,
וואָס זיינען אין פאַרסאָפּעטע כוואַליעס זיך צעפאַלן;
מאַיסעלעך פון ווילדע פאַרטאָגן,
ווען ס׳האָבן די וואַסער-מיידלעך געוואָלט
מיט שטרעקעס אומרו, מיט שטרעקעס גאָלד,
אַף דעם אָרט פון פעלז זיך רואיק שטעלן —
כאָטש אַ ווייל ווי שטומער שטיין זיך פאַרקלערן
און אַף דעם אָרט פון טייך דעם פעלזיקן ריז צעיאָגן“.

6

דאָס צעבייטשטע שטעטעלע, מיט הילפלאָזע אויגן,
איז סטאָם אַזוי געבליבן שטאַרן;
איבער אַלעמען איז אַ צויבערדיקער טויט געפלויגן —
מיט וואַרעמען שלאָף די פּראָסטיקע גופים צו נאַרן.

יעיכעלע דער ליליפּוט,
האָט שוין נאָך זיך אַליין קריע געריסן
און וויל אין דעם פעלז אַצינד,
אַליין זיך פאַלמעסן די געהירן —
קאָרטשעט ער זיך: אַ ווערימל, צעטראָטן און בלינד,
אין אייגן פלייש איינגעביסן
און רעוועט מיט מעשוגענעם בלוט,
ווי ער וואָלט מיט דעם פעלז אַ שלאַכט דאָ פירן.

פּלוצלונג, ווי מיט דעם אור־קויעך פונם פעלז איז ייסראָעל
אויפגעשפּרונגען:
„גענוג! גענוג אָף דעם גוירל דעם פאַרשאָלטענעם צו קלאָגן.
דער טויבער הימל וועט אונדז קיינמאָל ניט דערהערן
און ניט קעדעי דער אייגענער יאָמער זאָל אונדז פאַרשלינגען,
זיינען מיר דאָ אָף דער וועלט געקומען.
זאָל נאָר איעדער האַלטן דעם געדולד, ווי ס'האַלט די קראַפט —
דער פעלז.
זאָל דאָ קיינער ווי אַ וואָיענדיקער הונט פאַרשטומען.
אויך אין פּראָסט לעשן זיך פרייִלינגדיק די שטערן".

געגליט האָט די פינצטערניש מיט ווערטער ווי מיט פונקען.
געבליבן איז דאָס שטעטעלע אין אומקום פאַרזונקען —
און ווי פון אַ מיראַזש לאַנג געריטשעט:
„פיר אונדז ייִסראָעל! ייִסראָעל פיר אונדז!
צו מוישע־ראַביינום וואונדער! צו מוישע ראַביינום וואונדער!
פיר אונדז ייִסראָעל! פיר אונדז יי—ס—ר—אָ—ע—ל ! “

## ייִסראָעל:

„ווער האָט אייך די מידע געהירן,
אין אַ בייזן כאָלעם געביטן?
וואו זאָל איך אָף דעם פעלז אייך פירן?
איך בין ניט מאָשיעך!
איך בין ניט מאָשיעך!
אָף אַן אויסגעקלערטן פערד איז ער שוין לאַנג אַוועקגעריטן
און איך קען אין דעם ליכטיקסטן וואָרט ניט געפינען —
אַ קישעף־ראָד
וואָס קען פון פעלז און טייך אַ לעגענדאַרישע ערד שפּינען;
איך האָב ניט פון שימשן־האַגיבער — דעם האַריקן קויעך,
וואָס קען דעם פעלז פון אָרט דאָ רירן, —
נאָר איך ווייס אַן אָפענעם סאָד:

(אַלע:
אַ סאָד! אַ סאָד! אַ סאָד!)

„עפּשער וועט אימיץ אונדזער צאַר דערזען באַגינען
און אונדז אַ ברידערלעכע האַנט נאָך שטרעקן:
זאָלן טריט! טריט! טריט! —
זינגען אין פראַסטיקן פעלז — אַ הייסן געזאַנג!
זאָל קיינער ניט,
אונטער דער זיסער מידקייט — די וועלט פאַרשלאָפן.
זאָל לעבן אין פעלז — איין פרילינגדיקער קלאַנג:
האָפן! האָפן! האָפן!“

און ווידער האָט יעיכעלע־ליליפּוט,
אַ יאָמער דורך דעם עלנט צעטראָגן:
„ייסראָעל — אַ פאַרפירער! ייסראָעל — אַ פאַרפירער!
ער וויל מיט כוויזעק פאַרגיפטן אונדזער הילפלאָז קלאָגן —
ייסראָעל — אַ פאַרפירער! ייסראָעל — אַ פאַרפירער!"

און ווידער האָט דעם טויט גערופן — יעיכעלע־ליליפּוט,
און ס'איז דער קאַרגער טויט אַלץ ניט געקומען:
„אָ, לאָז מיך ווי אַ שטיין דאָ פאַרשטומען;
מיר זאָל שוין מער ניט זיין באַשערט דער נאַצי־קנוט:
ווייי צו מיין זינדיק בלוט!"

7

# איינער:

און עפשער איז מיין פאָלק שוין לאַנג פארגאַנגען
און אונדז ווי אַ קלאָלע פון אונטערגאַנג געלאָזן.
דער ווינט וועט זינגען די דערשטיקטע געזאַנגען.
אונדזער האַס וועט גרינען אין בעיסוילעם־גראָזן.

אונדזער האַס, אָן אויסגעזויגענעם, ווי אַ צעמעסערטן וואָלף,
וועט פאַרשטיינען אָט די פעלזיקע נאַכט.
און ס'וועלן די פרילינגס צעפינקלען נאָר אַ קראָ אין איר דויב!
אָ, שטאַרב מיין פאָלק ווי די זון אַ העלסטן טויט!

פון אונדזער ליבע — פון אונדזער שיר־השירים איז געבליבן,
איבער פאַרפייניקטע דוירעס אַ פאַרליבט הענקער־מויל,
וואָס איז גרייט דער פעטליע אָזש ביז דער אייביקייט צו ליבן,
נאָר געלע צייכנס פון אוראַלטן וואָרגער, נאָר בלינדער גרויל.

אין די טרויעריקסטע ווינקלען, די פריילעכסטע שפינען,
פאַרוועבן מיט שפינוועב אונדזערע זונען.

## אַ צװײטער:

און װיפל פעלקער, װי די זונען, זײַנען שױן פאַרגאַנגען.
דורך פאַרטױבטע שטורעמס, דורך פאַרגעסענע נעכטנס,
פױזעט נאָך אונטער טױטן־פאָנען — אַ צעקאָרטשעטער שעכטער.
נאָר די האַרבסטן װי אַװאָלים זײַנען ניט פאַרגאַנגען.

פון דעם גאַנצן טױ און גאָלד — פון די שענסטע זונאױפגאַנגען,
איז ניטאָ שױן אפילע פאַר דעם װאָרים װאָס צו נאָגן.
געבליבן איז אַ װוּנט — פאַרמישפּעט צו קלאָגן,
געבליבן ביסטו, אָ, איוב, מיט פאַרשאָלטענע געזאַנגען.

געבליבן איז פון בײַטש — דער זיגערישער קנאַל.
געבליבן זײַנען מיר — אַ באַזיגטער געװאוי,
און אױב װי טרערן גליט דער פינקלענדיקער טױ,
װעט אַ טרער דערמאָנען אונדזער דערװאָרגענעם אַמאָל!
פון אונדזער גסיסע־צאַפּל, פון אונדזער לעצטן טױט־געשאַל,
טראָגט זיך צו דיר מײַן פאָלק — אַ װאָרנדיקער קאָל.

## ייסראָעל:

סע טראָגט זיך צו דיר מיין פאָלק — אַ געבענטשטער קאָל:
אַ, פאָלק פון מוישע־ראַביינו, יעשאַיאָהו און קאַרל מאַרקס,
דיר איז באַשערט ווי זאַמד און ווי שטערן זיין, אָן צאָל
און ווי שימשן האַגיבער, ביז אין געשאָרענער בלינדקייט
שטאַרק.

פון קאַטאַקאָמבן הער איך, ווי קאָל־נידריי אָף דיין גוירל
טרויערט,
נאָר טאָרקוועמאַדאַ אין שפּאַניע האָט דיינע כאַלוימעס ניט
פאַרברענט;
פּרעה אין מיצראַיעם האָט דיין נעשאָמע ניט פאַרמויערט
און דיין מאָרגן שעכטן האָט קיין וועלטישער שעכטער ניט
געקענט.

העל אויף מיין פאָלק, שליידער דיין קלאָלע קעגן שעכטער.
ס'האָט דער אוראַלטער קנוט דיין גוואורע ניט געשענדט.
קום מיט אַלע פעלקער דיין פאַרטאָג אויספּעכטן
און נאָר דער פאַכדן זאָל זיך אַ פעטליע וועבן מיט די אייגענע
הענט.

פון דיין דוירעסדיקער נאַכט — דער שפּעטער טרויער,
קען באַם זונאויפגאַנג לאַנג ניט דויערן.

## אַ דריטער:

די זון איז געשטאָרבן, ס׳האָט אַ טאַליען זי אויפגעהאַנגען.
איך שפּיר אַרום מיין האַלדז אַ רייף לעוואַנע — אַ מאַטער־
צוואַנג.

אַ, לאָמיר אויסוויינען דעם גרויל פון אונדזער אונטערגאַנג
און זאָל קיינער ניט הערן דורך נאָענטן געוויין — ווייטע
געזאַנגען.

מיר זיינען געשטאָרבענע וואָס האָבן קיינמאָל ניט געלעבט.
מיר זיינען אַפילע צו אַדאָמען צוריק ניט געגאַנגען;
דער שטויב פון ביינער קען נאָר צום ווינט שטרעבן,
קען אַפילע ניט אַ דורשטיק ווערימל אַ טראָפּן טוי דערלאַנגען.

## ייסראָעל:

ווי קיינער קען ניט אין דעם טאַנץ פון האַרבסט די געלע
בלעטער ציילן,
קען קיינער ניט ציילן פון מיין פאָלק—די יאָרטוויזנטן־פיינען,—
דעם קראַנקן האַרבסט קען נאָר דער פרילינג היילן.
איך זע לעגינם נעוואוע איבער מיין פאָלק שיינען:

פון דוירעם שייטערהויפנס וועלן מיר נייע זונען שמידן, —
נייע זונען: פרייע, אייביקע, אידישע אידן!

## ראַכעלע:

צו דערציילן אין פרייזן

אַ, רויט-אַרמייער, בראַווע קינדער פון דעם נאָענטסטן היינט—
איר זייט פון שטורעם און פון פייער — אַ פרייהייט-טאַנץ;
און איר נאָך־ניט־געבאָרענע, איר זייט אַ רעגנבויגן-קראַנץ,
אייך וועט באַשערט זיין זיגן איבער דעם לעצטן, לעצטן פיינט!

געבענטשט וועט זיין דער גלייכער, העלער מאָרגן, —
העל—דאָס פאַרליבטע האַרץ, גלייך—דער זוכנדיקער טראָט.
זיין וועט באַשאַף — הייליקער שוואונג פון אַן אָרעם אַ געזונטן,
זיין וועט די אוראַלט: דורך זיך אַליין — אַ כאַלעף;
שפּיגלען זיך וועלן קלאָר די מיסטעריעזע גרונטן.

און ס'וועלן די פאַרבאָרגענע באַסמאַלקעס אַף דער פּראָסטער
ערד ליבן,
און זינגען די לעגענדע וואָס די וואָר אַליין האָט געשריבן, —
די לעגענדע פון טליעס אין פריילעכע שייטערהויפנס
פאַרברענט.
די לעגענדע פון זאַטע פעלדער איבער צעשמעטערטע
קאַרצער-ווענט.

אַ, גוטע זיידעס פון ווייטסטן נעכטן, איר זייט מאַיסעלעך פון
אַמאָל —
איך הער דעם מאָרגנדיקן זיג אין אייער לאַנג פאַרשטומטן קאָל:
„קינדערלעך, גאָט האָט דעם מענטש דעם גאַנעידן געגעבן,
קעדעי אויך זיין טויט זאָל אייביק ליבן, אייביק לעבן".
— — — — — — — — — — — — — — — —' —

און ס'זיינען פאַר ראַכעלען — אויגן, אויגן, אויגן געבליבן
שטאַרן, —
זיי האָבן אין פּראָסט דערזען דעם מאָרגן בליען
און ווי פאַרלאָרן אין אַ זינקען פון קאַשמאַרן,
געשריען:
„פיר אונדז ראַכעלע! ראַכעלע פיר אונדז!
עפשער איז דיר באַשערט —
דו זאָלסט אונדז געבן:
צוריק — אונדזער ערד!
צוריק — אונדזער לעבן!
ראַכעלע פיר אונדז! פיר אונדז ראַ—כע—לע ! "

8

יעיכעלע־ליליפּוט —
איינגעניורעט אַף דעם פינצטערן שטיין,
שעפּטשעט מיט פרומע, פאַרמאַכטע אויגן:
„עלויהיינו, אַז דורך טאַכנונים, דורך געוויין,
האָסטו מיין נישטיק געשטאַלט ניט דערקענט,
וועל איך מיט בלוט! מיט בלוט! מיט בלוט! —
אַצינד דיך לויבן! לויבן! לויבן!"
און יעיכעלע־ליליפּוט האָט פּלוצלונג אויפגעהויבן,
ווי צעפּראָרענע פליגלען — די טפילעדיקע הענט
און ווי אַן אויסטערלישער ריזן־פויגל,
איז ער צום גרונט פון טייך געפלויגן.

די נאַכט איז לאַנג, אוי, לאַנג,
ווי ס'וואָלט זיך גאָר דער כוישעך ניט קלייבן טאָגן.
די כוואַליעס לאַכן מיט יאַשטשערקעס,
די כוואַליעס לאַכן ווי ניט-גוטע.
יעיכעלע דער ליליפּוט,
האָט אָף דעם פעלז לעוואַנעדיק זיך צעשאָטן —
אין שטראָמיקע וואַסערלעך, אין באַזילבערטע פּאַטשערקעס.
אַ לעצטער קלאַנג האָט אין טייך פאַרקייקלט אַ רינגיקן שאָטן.
אין די כוואַליעס וועט יעיכעלע אָף דעם גוירל פון זיין פאָלק
אייביק קלאָגן.

אין פאַרשטומטן פעלז, ווי אין אַ פאַנטאַסטישן קיווער,
טוליען זיך ייסראָעל און ראָכעלע — נעענטער, נעענטער:
„ראָכעלע, הער —
דער פעלז האָט זיין וויסטן באַשאַפער געפרעגט:
— מיט וועלכער קלאָלע האָסטו מיין טראָט געשמידט?
פאַרוואָס האָסטו מיין מאַכט מאַכטלאָז אויסגעפורעמט?
אָ, איך וואָלט מיט צאָרן פון אַלע דוירעס זיך צעשטורעמען! —
און דיר, אָ, וואָגלענדיקער איד,
וואָלט איך אָף מיין פעלזיקן גוף אַהיים געבראַכט.
ראָכעלע, הער —
ס'קלאָגט דער פעלז דעם געקלאָג פון אַ געבונדענעם גיבער:
„אָ, העלף מיר, העלף מיר, גוטע מאַמע — נאַטור,
איך זאָל מיט גאָר די לאַווע פון אוראַלט זיך צעזידן!“

9

פֿאַרטאָג!
דורך ראָכעלען האָט אַ הייליקייט צעשטראַלט די פּראָסטיקע
גלידער:

סע טאָגט! סע טאָגט! סע טאָגט!
ס'האָבן די פֿאַרמאַטערטע שוועסטער און ברידער,
לאַנג געדונערט מיט האַפּערדיקע הענט
און מיט אַ פעלזיקער קראַפט דעם כּוישעך געיאָגט,
ווי זיי וואָלטן גרייט זיין אַ טרייסל־טאָן די פעלזן־ווענט:
סע טאָגט! סע טאָגט! סע טאָגט!

10

און ס'האָבן גוטע מענטשן אַ שטעטעלע יאָמער אַף דעם פעלז
דערהערט,
און ס'האָבן גוטע מענטשן דעם טויט אַליין אַף דעם פעלז
דערזען
ס'איז דאָ אַ נאַכט פון גרויל און פון בלוט געווען,
אַצינד זאָל שוין אַ טאָג אַ גוטער זיין באַשערט!

און ס'האָבן די גוטע מענטשן פון יענער־זייט גרעניץ,
פון יענער־זייט מאַזל דערציילט:

פון אַ פרייד אַזאַ,
וואָס האָט דעם טרויער ביז דעם פינצטערסטן וואָרצל
אויסגעפליקט;

פון אַ פרייד אַזאַ,
וואָס האָט דעם קוילער אונטער זיין אייגענעם מעסער געשיקט
און דעם קאָרבן פאַר דעם האַר פון דער וועלט אויסדערוויילט:
„פון אייער געזונטער מי,
וועט שטענדיק אין געשמאַקן טאַפּ אַ גילדענע יויך זידן
און זיין וועט אויך טרוים געגוג דער גילדענער יויך צו צירן —
פון שייטערהויפנס, צו דער זון, הײדאַ, אָ, ליכטיקע אידן!“

11

ס׳וועלן די גוטע מענטשן,
אַף אַלטינקע שיפעלעך צום געגאַרטן ברעג שוין פירן;
נאָר וועמען די זון קען מיט אַן איינציקן שטראַל מער ניט
בענטשן,
איז ווי ראָכעלע, אוי, ראָכעלע אין פראָסט געבליבן:
אַ קינד פון אייביקן פעלז.

ראָכעלע, אוי, ראָכעלע,
זי האָט דעם טויט געזען אַזוי העל, אַ, העל:
אירע פופצן פרילינגס, פאַרוויגט אַף פראָסטיקן שטיין,
האָבן אין ליכטיקע יאָרטוויזנטן זיך געביטן.
זי האָט געהערט:
ווי ס׳ווערט מאַלאָכים שירע פון מענטשלעך געוויין.
— — — — — — — — — — — — — — — — —
און אויך ייסראָעל איז אין לעבעדיקן פעלז —
מיט אַ האַרץ פון פראָסט, מיט אַ קאָל פון מאַי געבליבן:
„ראָכעלע, מיין ראָכעלע,
אַפילע אין קייווער וועל איך דיר אייביק ליבן!“

12

הערט דאָס געזאַנג פון דעם פעלז:
„ייסראָעל!
איך שלים אויף מיין פאַרשלאָסענער גוואורע!
איך הער לאַנג-דערוואַרגענע וואולקאַנען.
ייסראָעל!
דוירעם לאַנג-פאַרלאָשענע זע איך מאַכנעסווייז שפּאַנען.
איך, דער מעכטיקער פעלז, בין שימשן-האַגיבער!
פון דעם אוראַלטן אַמאָל וועל איך אַ נייע לעגענדע אַרוים,
און אין איימעדיק געפעכט איבער דיין פיינט אַריבער!“

איך האָב אַמאָל
פראָסטן צויבער
געזען:
יע, מיין טאַטע איז אַ מיראַזש געווען.

אַזויפל אומר:
איז געווען אין הענט:
יעדע האַנט
מיט בייזע יאָרן פול, האָט די פינגער ניט דערקענט.

די וואָר — אַ צויבערער.
אַ, אַזויפל כאָלעם,
אין האַרטער וואָר.
מיין טאַטע האָט פון די זיבן וואונדער דעם קישעף אויסגעטאָן:

יע, איך האָב אַליין געזען,
ווי אויג־מעלעך־האַבאָשן —
מיט אַ האַרץ פון טורעם,
פירט דורך נאַכט אַ מאַכנע זונען און פון דער ערד קומען ווענט פון
ליכט און שטאָל —

און ביז גאָר די הימלען רעוועז:
פאַראַנען טאַקע אַזאַ לאַנד,
אַן פאַכאַד — אַן סווינצײאַן,
אַן מיכאַלישעק — אַן באָמבעס. פאַראַנען אַזאַ לאַנד:
אַמעריקע! אַ! מע! רי! קע!

איך האָב אַמאָל
פראָסטן צויבער
געזען:
יע, מיין טאַטע איז אַ מיראַזש געווען —

מיט הענט ווי שווערדן,
ס׳האַרץ ווי אַף אַ בליץ —
אין געלויף,
דורך זיגן: פון אַ מאַיסע־ביכל אַזאַ רייטער.

ס׳האָט דעם קראַנקן נעכטן,
אַ צאַרטער היינט געגלעט
און כ׳האָב דערהערט:
מיין טאַטנס נאָענטן קאָל, ווי פון אַ ווייטער, אויסגעטרוימטער וועלט.

1

# אַ פרייד אַזאַ

פאַראַן אַ פרייד אַזאַ — אַ שרעק אַזאַ באַם דערזען אַ מענטש
אַ ליבן,
אַ פרייד אַזאַ וואָס זינגט פון די האָר ביז יעדן פוס־פינגער.
אַ רעגע כאַפּט די כושים צו און ס'קען נאָר די שטומקייט ריידן.
דאָס בלוט, ווי פון אור־קויכעס געטריבן.
יעדער צאָר פאַרמאָגט טויזנט פריידן.
אַ ליכט שפּרינגט אויף ווי הילף קענגן געפאַרן.
אַן אומרו צערט ביז ניט־ווערן.
אַ וואָרט איז גרייט די וועלט אין אַ טרוים פאַרנאַרן.
דורך די גלידער — אַט טאָגט און אַט פאַלן שטערן.
דער ווייטסטער נעכטן ווערט פון אַלע איבערמאָרגנס אינגער.
אַן אויער דערהערט — טויבע אַמאָלן.
אַן אויג דערזעט — אַ לאַנג־פאַרגעסענע שאַ.
די שטאָט מיט שרייענדיקע שטאָלן,
דערמאָנט:
ערגעץ זיינען שטורעמס אין דערפעלעך דאַ.

און ס׳האָט באַדאַנע — די קינדער געוויזן:
ניסים וועיניפלאָעם,
ניסים וועיניפלאָעם,
ניט קאַרליקלעך ווי מילבן, ניט אויסגעקלערטע ריזן:
דער טאַטע הירשע־דאַוויד!
דער טאַטע הירשע־דאַוויד!

אַרום באַדאַנען — די קינדער:
פייגל אַרום אַ צעשטורעמטן בוים.
בערקע האָט אַמעריקע געטראָפן,
ווי אין אַ מאַיסעלע פון גוטע גאַזלאָנים.
ער טרעט אַזוי דערשטוינט, ניט־זיכער —
ווי אין מוירע,
ס׳זאָל די ערד אונטער אים זיך ניט שפּאַלטן.
ווען דער קאַפּיטאַן וואָלט ער געווען,
וואָלט ער פּאַר סימכע, גיכער־גיכער —
קיין סווינציאַן צוריק געלאָפן;
פלינק אַזוי אַ כאַפּ־טאָן עסטערקע־סטובון
און זיין צעטראָגענעם פּאָנים,
אין אירע שוואַרצע צעפּ באַהאַלטן.

בלומקע שאַרט זיך קוים־קוים,
ווי אַן אַלטיטשקע אין דרייען געבויגן
און האַלט פון קלייד דעם שעמעוודיקן זוים,
ווי אַ באַנדאַזש איבער די אויסגעוויינטע אויגן
און ווייזט איר קינדיש לייב, ביז די דאַרע, בלוילעכע לענדן.
אונטער די פאַרמאַכטע אויגן טוט די פינצטערניש אַ בלענד.
מיט איר פּאָנים, דעם פאַרטרערטן פאַרשטעלט,
זעט זי אַ בלינדקייט פון גליק צעהעלט.

מענטקע זעט פון שילדן — אַווילדן וואַלד:
אַ בער פירט אַ פאַרבלאָנדזשעטן יעגער.
איבער קוינים שרייט אַ ווינט,
פאַר איין דאָלאַר — צען מאָל גוואַלד.
דאָ גייט די לעוואָנע אַף אַ שילד צו קינד;
דאָרט טאַנצט דורך פייער אַ זילבער מיידל
און קייקלט די ערד מיט פלאַמען-פינגער.
יעדער שטיין איז אַ פורים-שרייער,
יעדער טורעם — גאַנצע לענדער.
אין דער הויך — שטאָלענע היילן,
ווי אין די מאַיסעלעך וואָס עלציק פלעגט דערציילן:
„. . . און ס'האָט דער מענטש מיט גרילץ און מיט רויך,
די שטערן אַף דער ערד פאַרטריבן
און ביז דעם אָרט פון די שטערן — דער ערד געהויבן,
איז ניט גאָט, נאָר דער מענטש אין הימל געבליבן
און געווען איז אַפילע פאַר מאַלאָכים געגוג —
ברויט און געזאַנג און וויינטרויבן.
דער מענטש האָט די נויט און די שיידים דערוואָרגן
און ביז איבער די וואָלקנס זיין גוואורע אויפגעבויט.
דער מענטש האָט דעם ברעישים אין זיין כאָכמע פאַרבאָרגן,
סע זאָל די צייט ניט עלטער ווערן“, —
ווי אין די מאַיסעלעך וואָס עלינקע פלעגט דערציילן:
אַ, עלינקע,
מיט די ערשטע בלומען שטייט ער פון קייווער אויף
און גייט מיט הויפנס ווינטעלעך — דורך פרילינגדיקע פעלדער,
צו קושן טאָג און נאַכט די קערנדלעך פון זאַנגען,
סע זאָל געשמאַקער בליען — פאַר קינדערלעך דאָס ברויט.

יעיסקע — דער „העלד“,
וואָס האָט אַזש צו לעבן זיך ניט געשראָקן,
וואָלט איצט די גרויסע וועלט אין קליינע ווינקעלעך צעבראָקן;
וואָלט איצט אַ פּאַכאַד זיך אָפּגעגעבן
און לאָזן זיך פירן,
דורך בלאָנדזשענדיקע טירן,
ביז ערגעץ מיט אַ ווערימל טיילן זיך דאָס לעבן.
אַרום אים — מענטשן:
איילנדיקע וואָלקנס אַזוינע, זינגען שירע — שטורעם;
מענטשן מיט אויגן און אויערן קימאַט ווי אין סווינציאַן, —
און איינער אַזאַ הויכער, פינצטערער און דאַרער,
ווי ער וואָלט כּוישעך דורך די יאָרן געקליבן;
אַ מענטש מיט הענט אַזוינע בענקענדיקע,
ווי נאָר צו האַלדזן וואָלט זיי ווער באַשערט,
ווערט גאָר ניט מיד,
מאָלנדיק אַ מויל מיט הייזעריק געשריי:
„איך בין דער טאַטע! איך בין דער טאַטע!
דער טאַטע הירשע־דאָוויד! דער טאַטע הירשע־דאָוויד!“

באַנען יאָגן דעם טאָג אונטער דער ערד אַוועק.
פּאַרנאַכט איז די זון — אַ פּאַרבלוטיקטע שילד,
וואָס ווייזט די וואונדן פון דער שטאָט;
פּאַרנאַכט איז די זון — אַ לויזע, וויגנדיקע שילד —
איר רייסט דער קוויטש פון שטאָל, דער מיליאָניקער געפּילדער.
איבער יעיסקען — אַ לעצטער שטאַרבנדיקער פלעק,
וויל דעם טויט — מיט אַ קרוין אויסצירן.
ער הערט דעם קראַך פון שטאָט, ווי ס'וואָלט די וועלט
געקומען אָפּלאָדירן,
זיין שיף — דעם דריי־שטאָקיגן גיבער וואָס קען דעם יאָם
באַזיגן.

אין הירשע־דאָווידס הויז איז אַ שטורעם פון פעטערס און
פון מומעס.
די מומע איטקע איילט אזוי גיך אז זי שפרינגט אַזש צוריק,
סע זאָל כאַלילע אַ בייז אויג ניט גאַנווענען דאָס פרייד;
נאָר באַדאַנע און די קינדער שטאַרן גלייכגילטיק אַזוי,
מיט שרעק — אין די לעשנדיקע בליקן,
מיט גלידער פון הונגער און פון וואַנזין אויסגעצויגן:
צו פינצטער — צו פאַרנעמען פרייד,
צו ליכטיק — צו דערזען טרויער.
— — — — — — — — — — — — — —

האַלבע־נאַכט.
אין דער פיינלעכער שטילקייט — אַ לעצטער עכאָ,
זוכט נאָך די פאַרשוואונדענע פעטערס און מומעס.
די זאַטע קינדער כאַלעמען פון זעקס יאָר הונגער.
הירשע־דאָוויד שלייכט פון קינד צו קינד,
ווי אַ פאַרשיקערטער טרוימער פון בלום צו בלום.
אַזויפל ביעס גלעט אים די מעכאַיעדיקע גלידער.
אין דעם ווינטעלע קוועלט די יולי־רוז.
באַדאַנע, — און די לעוואָנע נאָגט ביז געוויין.
אָ, וואָס איז גליקלעכער פון דער גליקלעכסטער שאָ!

„דערצייל מיר באַדאַנע, דערצייל —
וואָסער פייער האָט עלינקעס זיבעצן יאָר פאַרשלונגען?
איך האָב אים געהערט אַזש דאָ אין מיין שלאָף קלאַגן —
ווי דעם פאַך פון טויזנט ביימשן, האָב איך געהערט דעם
פרילינג זינגען. —

דערצייל מיר באַדאַנע, דערצייל —
פון דיין לעבן דורך קויל און יאָמער דורכגעטראָגן".

באַדאַנע—מיט דעם איימעדיקן ליכט פון אַ ברענענדיקער ליטע,
אַף די קלוגע, ברייטע באַקן אויסגעקאַרבט;
מיט עלינקעס לעבן, אין די צעשראָקענע אויגן צעצונדן, —
באַדאַנע, ווי אַ בוך אָן אָפענער קעגן אַנאַלפאַבעט,
קען גאָרנישט־ניט דערציילן.

זי איז איצט — אינגאַנצן וואָרנונג.
זי שפּירט ווי פון איר ביין ווערט פּאַכאַד און פון איר בלוט — פייער,
וואָס אַט —
און ס'וועט אַף מענטש און אַלץ אַ שפּרונג־טאָן:
מילכאָמע! מיל—כאָ—מע!
זי זעט דעם נעכטן אין דעם היינט,
ווי ס'וואָלט אַ טויטער טויט מיט אַ לעבעדיקן טויט זיך פאַרמעסטן
און סע ווייס ניט באַדאָנע —
צי זאָל זי וויינען אַ געקלאָג אַזאַ וואָס זאָל אמעריקע פאַרטויבן;
צי זאָל זי לאַכן! —
אַ געלעכטער אַזאַ וואָס זאָל פאַר שרעק מענטש און ליכט און טורעם פאַריאָגן:

„אוי, הירשע־דאָוויד, הירשע־דאָוויד,
די מילכאָמע — זעקס קינדישע אַפּרילן,
וועל איך שוין שטענדיק זען,
מיט אַ קאַכעדיקער ערד זיך שפּילן.
פון אַלע טויטן בין איך אַנטלאָפן,
נאָר נאָכלויפן וועט מיר אייביק —
אַ טויט אַזאַ וואָס לעבט אין מיר שטאַרקער פון לעבן.
פון אַלע קליפּעס בין איך אַנטלאָפן,
נאָר נאָכלויפן וועט מיר אייביק,
פון אונדזער עלינקען — דער פאַרשוואונדענער שאָטן,
אַ קליפּע אַזאַ אַ ניטאָאיקע:
אין יעדער שטילקייט הער איך זיין פאַרשטומט געשריי.
אַז מיט די קערנער פון מאַרד איז יעדעס פעלד פאַרזייט,
וועלן די פעלדער אַזויפיל טויט נאָך געבאָרן.
ווייי!
אַזאַ כוישעך, אָ, וועלכער פלאַם קען בראָטן!
ער זינקט איין בערג, ער הויבט אויף טאָלן! —
ביז ער וועט מיט קאָפּ פאַר קאָפּ באַצאָלן!
דער טאַליען האַלט די פּעטליע פאַר זיך אַליין אויך גרייט".

אַף די שויבן פינקלען עלינקעס יאָרן, ווי צעפּאַלענע שטערן.
די יולי־נאַכט — אַ העלע צויבערן,
טראָגט דעם נעכטן און דעם היינט ווי אַף פליגל אַוועק.
באַדאַנע בלייבט אין לויטערן מאָרגן.

הירשע־דאַוויד ברעכט פאַר צאַר די נעגל די פאַרהאַרעוועטע.
ער שפּאַנט פון ווינקל צו ווינקל, ווי פון היינט — צום אַמאָל:
אַ ווייטע באַדאַנע — לויכט אויף אַזוי נאָענט.
קלעזמער דודקען — אַ דודעלע דער קאַלע.
פון פויק טאַנצט אַרויס אַ פריילעכער מאַזל.
דאָס פידעלע קלאָגט אויס יעדנס צאַר —
פון סווינציאַן, מיכאַלישעק און סוויר,
ס׳זאָל שוין מער קיין צאַר ניט זיין.
אַ טרעיפער באָק שפּרינגט מיט דעם שטעטלשן נאַר.
כאַיעם־מעיער דער סווירער, האַלט די הענט מיט מיצוועס פול:
„היינט איז אַ מיצווע,
אַפילע אַן אַוועירע;
היינט איז אַ מיצווע,
זינדיקן קעגן בוירע".
באַדאַנע זיצט אַף דעם טראָן פון גליק
און ס׳איז איר כופּע־קלייד ווי פון לעוואָנע געוועבט.
אַרום איר —
דאָס זילבער פון מאַלאָכים שוועבט.
דער באַדכן פאָרט אין די שענסטע גראַמען,
פון סוויר ביז ניו־יאָרק און צוריק.
אין איין גראַם בייזערן זיך זיבן יאַמען.
דורך די ריינע פענצטערלעך זעט מען וואו גאָט אַליין זיצט.
איבער די געשייערטע לייכטער — דער בליץ־לאָמפּ בליצט
און ווייזט:
וויפל שיין אין גוטן מאַזל!
וויפל שיין! וויפל שיין!

די טורעמס האָבן אויסגעשטערנט,
דער ווייטער ערד, דעם נאָענטן הימל, —
איז יעדער ציגל — אַ שענסטער שטערן,
יעדער שטערן — אַ גרויער ציגל.

צען שטעטעלער ענגע,
איז אַ קליינינקער ביניען;
אַז צען בריקן הענגען,
איז אַ שטאָלענער מיניען.

די נאַכט האָט אירע שאָטנס ערגעץ פאַרגעסן.
די נאַכט איז געשמאַק אַזש צום שלינגען.
די לעוואָנע — אַ פאַרטריבענע פּרינצעסן,
פּעדלט מיט גראָשנדיקע רינגען.

פון דער נאַכט איז פלאָם געוואָרן.
אויף יעדן פענצטער אַ לעגענדע ברענט.
באַדאַנע האַלדזט מיט פאַרליבטע הענט,
איר קינד, איר ניי־געבאָרנס:

„ווייל דו ביסט, מיין קינד,
שוין באַ מיר דער לעצטער,
זאָלסטו זיין דערפאַר —
אַן ערשטער, אַ העלסטער.

„און מער זאָל ניט מיין מידער גוף,
נאָר דיין געשאָמע פרוכטבאַר זיין.
דיין סינע זאָל אַ הייסער רוף
פאַר ליבע זיין.

„דו זאָלסט, קינד מיינס, טראָגן:
אַ האַרץ — ליכט אַ ברונעם.
דורך דיר זאָלן טאָגן
אַלע, אַלע זונען.

„דאָס האַרץ — ליכט אַ ברונעם,
אַ כאָכמע־נעסט — דער קאָפּ.
דו זאָלסט אין אַ טראָפּן —
דעם ברעג יאַם געפינען.

„און זיין ווערט דיין יעדער איינס — זון אַ סאַך:
אַ קערנדל — אַ מאָרגנדיק פעלד.
די קלענסטע זאַך — אַ גאַנצע וועלט.
די טיפסטע טיפעניש —אַן ערשטער דאַך.

„איך זאָל דורך דיר מיין קינד,
דעם ווייטסטן טאָג געבאָרן.
די פּעטליעס צעבינדן,
זאָלן די הענט פון דיין דאָר.

„מיט אונדזער יעדע וואונד,
ווי מיט אַ מעסער אַ בייזן,
זאָלסטו אַן גאָטס וואונדער —
פון דערנער — שניידן רויזן.

„שיילן פון נויט די בערגיקע קאָרע,
ביז ביין דעם אוראַלטן טרויער זעגן.
פול זאָל דיר זיין יעדע גרויסע רעגע.
די אייביקייט אַליין — אַ קורצער וועג.

„ווי קיינער קען ניט געבן,
דער זון אַן איענהאָרע,
קען מאָרגנדיקן לעבן
ניט צאַמען — נעכטיקער דאָר.

„נאָר דעם נעכטן מיט דעם מאָרגן,
זאָלסטו קינד מיינס פאָרן —
אַז לעבן זאָל אַ רעגע, —
לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

„יאָרן מיט שעפּע, מיט נייע טווירעס,
מיט יאָנטעוו, מיט זיג, מיט ווײַן.
פון מיר — דורך אַלע דווירעס,
זאָל דיין גרוים לעבן שיינען.

„ס'זאָלן פרייען זיך בלומען,
וואו מיסט איז געוועזן;
ס'זאָלן שטענגעלעך קרומע,
די גלייכקייט דערזען.

„אין אַפּענער וועלט,
אַלע שלעסער צעשליסן;
מיט אייביקע הענט,
דעם נייעם מאַזל גריסן.

„יעדער מענטש — אַ באַפרייער,
יעדער בוים — אַ קלוגער גרוס:
פון טיפענישן טרייע,
פון פאַרהאָרעוועטער רו.

„דער מענטש זאָל האַלטן,
נאָר פאַר דעם טויט — אַן עשאפּאַט;
זיין מי — באַהאַלטן
אין קערנדלעך, ווי אַ געבאַט:

„די ערד זאָל געבן
פרוכט און טוי און גאָלד.
זיין זאָל אַפילע
אַף יאָרן — אַ זאָל.

„אַז לעבן איז ליב, אַז לעבן איז לאַנג,
אַז וועלט איז איינס, אַז טאַט איז אייביק,
אַז אין היינט איז דאַ אויך מאָרגנדיק גליק, —
איז אַפילע שטאַרבן ניט אַזוי באַנג.

„ווען יעדער סאָף איז — אָנהויב,
איז יונג די עלטסטע צייט, —
איז אַפילע דער טויט,
צו אַ וויַיטן גליק — אַ שויב".

— — — — — — — — — — — — — —

„דו ביסט געקומען מיין קינד,
שטאַרק און שיין ווי עלציק, —
זאָלסטו יאַרשענען זיין „זינד",
אָבער ניט זיין אומגליק.

„איך האָב געזען
זיין אָנהויב וועג — אין אַ שלאַנג זיך בייטן.
איך האָב געהערט
דעם ווינט אַף זיינע גרעזעלעך דייטן.

„איז מיסטאָמע דיר באַשערט
עלינקעס נאָמען טראָגן;
אונדזער טויטער עלינקע,
זאָל דורך דיר ווידער טאָגן.

„אוי, איין מאָל עלציק און צען מאָל
עלינקע וועל איך דיר רופן.
ער זאָל זיין דורך דיר, מיין קינד —
פאַר דער קראַנקער וועלט אַ טרופּע".

און דער טאַטע הירשע־דאָוויד האָט היינט צוויי עלינקעס אין
כאָלעם געזען —
דער געשטאָרבענער עלינקע — אַ נאַכטוואַנדלער מיט ווייטע,
פאַרבראָכענע הענט,
האָט געמורמלט מיט ווערטער פון אומרואיק גראָז:
„אַמאָל האָב איך געלויכטן, ווי דאָס זאַנגען־פעלד וואָס דער
סוינע האָט געברענט;
אַמאָל בין איך דער הייסער בראַנד פון אַ קויל געווען
און ס׳איז מיין שלאָף געלעגן אויף די שאַרפן פון צעשמעטערטע
גלאָז.
איצט לעב איך טאַטע, טאַטע איצט לעב איך!
אָט אויף פליגלען פון פייער שוועב איך!
אָט בין איך אַ פעלז פון האַרמאַטן־ברום צעצווייגט.
אָט בין איך אַ שטורעם פון אַ ווינטעלע באַזיגט".

ווען אין כאָלעם האָט דער טאַטע מיט אים זיך געזעגנט,
האָט דעם פאַרטאָג דער נייער עלינקע באַגעגנט,
מיט פולע הענטעלעך פרייד,
מיט כאַיעשן פלאַפל, ווי אין כאָלעם די צעשאָטענע רייד
און ס׳האָבן די ערשט־געבאָרענע פינגערלעך געשיינט דעם
טאַטן אַנטקעגן,
ווי נייאינקע ווייזערלעך וואָס ווייזן דעם וועג פון אַלע וועגן.

דער טאַטע הירשע־דאָוויד זעט אין וואָר —
דעם געשטאָרבענעם עלינקע ניי־געבאָרן,
נאָר איצט,
איז אַ מוזיניק — זיין בכאָר:
ער איז אַ צויבער אַזאַ — אַ וויגעלע שיין פון אַ פאַרגאַנגענעם
פאַרנאַכט.
פון אַ פאַרלאָרענער זון זעט ער אים קלייבן שטראַל נאָך
שטראַל.
ער איז אַ צויבער אַזאַ,
ווי ער וואָלט פון אַ שאַקאַלן־מידבאַר געבן שפּרודלדיקע קוואַלן.

בלומקע שרייט אַ ליד,
ווי ס'האָט די מומע איטקע איר געלערנט:
די מאַמע האָט אַ ברודערל געבאָרן —
רי! ראַ! רי!
זאָל ער זיין אַף לאַנגע, לאַנגע יאָרן!
רי! ראַ! רי!
ווי סווירער באַרג זאָל גרויס זיין מאַזל זיין —
רי! ראַ! רי!
זיינע נעכט געווגג מיט שיין,
צו האַלטן די טעג אַפילע אויסגעשטערנט:
רי! ראַ! רי!
רי! ראַ! רי!

---

און ס'האָבן די קינדער אין דער פריילעכער שול מער געבענקט
ווי געלערנט —
געבענקט מיט אַ נאָגנדיק האַרץ פון הונגעריקן סווינציאַן;
געבענקט מיט דער שרעק פון אַ וואָיענדיקן מיכאַלישעק,
ווען ס'האָבן קעיסאָרים געקאָרטשעט זיך אַף טראַנען;
ווען אין שפינוועב פוןביידעמער האָט גאָט אַליין זיך
באַהאַלטן —
פאַר דעם מאָרד פון קאַנאָנען;
און ס'האָבן די קינדער אין דער פריילעכער שול שטענדיק
געהאַלטן
די אויגן פול — מיט מיכאַלישעק און מיט טרערן.

אַ שטיבעלע אַ פאַרקלערטס אַזאַ האָט יעיסקע אויפגעבויט:
אַ שטיבעלע פון שפענער, פון שטיינדעלעך און פון טרוימען.
דורך די מאַכיקע ווענט אַ געמאָלענער באַגינען בלויט,
אין אַ בילד רייט גאָט אַליין אַף אַ מידן קעמל
און אים טוט דאָס האַרץ פאַר זיין פאָלק יישראָעל אַזוי באַנג.
אַף די זאַוויעסעס זשאַווערן פאַרלאָזטע טירן.
איבער דעם שטרויענעם דאַך — אָנשטאָט אַ קוימען,
רויכערט זיך אַן איינזאַמע לאַמטערן;
אין דער לאַמטערן — אַ ליכטל, אַ כעילעוו־אויג, פינטלט אויס
דעם בלאָטיקן טרויער,
וואָס פלעגט צו מוישע־ביניאָמינס כיידער פירן.
די בענקשאַפט איז דאָ: צו אַ גאַרנדיקער וועלט — אַ פאַר־
מאַכטער טויער.
די בענקשאַפט איז דאָ: אַ פענצטערל געגאָלדיקט פון אַ
גראָשנדיק פלעמל.
די בענקשאַפט איז דאָ: פון מיכאַלישעק דאָס לעצטע
זונפאַרגאַנג.

און אַנטקעגן ברויז פון ליכט און פון סקווערן,
האָט דאָ יעיסקע אַזויפל מאַיסעלעך שוין דערציילט:
מאַיסעלעך פון פאַרקס, פון פייגל און פון האָזן, —
ווי ס׳האָבן אין אַ לעגענדע זיך געטראָפן,
ריזן און מענטשן און שטערן.
מאַיסעלעך פון אַ מאַזל אַ געפאַנגענעם,
וואָס אַ גוט־האַרציקער טויט האָט פריי געלאָזן:
ווי פון אַ טליע איז אַ געהאַנגענער אַנטלאָפן;
ווי אַ טפיסע פון אייז האָט דעם פרילינג פאַר אַ וועכטער
אויסדערוויילט.

דורך געשריי פון שטיין, דורך בליאסק פון כוצפּעדיקן שטאָל,
זוכט מענטקע דעם סאָף פון מויערן, ווי ס'וואָלטן ליגנער זיי
אויסגעקלערט.
די ברייטע עוועניוס שרומפּן איין אין שמאָלע שטעגעלעך באַם
בליק פון פאַרליבטן אַמאָל.
דורך דעם קישעף פון בענקשאַפט, זעט ער, ווי פון אַ טורעם אַ
הויפן שטיינדעלעך ווערט.
פון אַלע פרעמדע גאַס-געשרייען בלייבט איין אייגן וואָרט די
ליפּן טייער:
— מיכאַלישעק — אָ, ווייט צעשראָקן פּייערל!
דיר קענען די פייערן פון טויזנט בראָדוועיס ניט פאַרשטעלן
און ס'קענען די גיבוירים, די טורעמס, די שוואַכע שטיבעלעך
דיינע ניט באַזיגן:
ניט באַזיגן מיין קינדהייט וואָס איז געבליבן מיט נעגל פון
דאַכקעס אין דיר זיך שטשעמען.
מיין זיידע אָרן-וועלוול, דיין גרעסטער גוויר,
וואָס האָט געשעמט אַזש פון סווינציאַן ביז סוויר,
האָט פאַרמאָגט אַ דאַרן האָן, אַ שטאָלצן כאַלעם און אַ פּאָר
אומעטיקע ציגן.
מיכאַלישעק, אָ, שיינע באָבע-מאַיסע, „דעם יאָלד אין
קאַפּעליוש" וועסטו קיינמאָל ניט געפעלן.
אין טרוים קען אַפילע די ענדלאָזיקייט קעגן דיר אַ ווינקעלע
אַ קליינס פאַרנעמען.

פאַרנאַכט.
ס׳האָט די מי אַן אָפּגענוצטן טאָג אין שטוב געבראַכט.
בערקעס טאָג — אַף שטריק פון רעשטאָוואַניעס אויפגעהאַנגען.
אָ, וויפל רעגעס — אַזויפל געפאַרן.
דער טויט איז אַ ליידיקייט מיט מאַניענדיקע צוואַנגען.
ער זעט מיכאַלישעק אין אַמעריקע איבער אַן אָפּגרונט שוועבן.
דאָס גאַנצע האַרץ די הויכן אָנגעטרויט.
איר זאָלט אָ, הויכן כאָטש ניט נאַרן!

אַ בלום שמייכלט אין זיין צופרידענעם לאַץ.
ער צערטלט איצט דעם זין פון קלוגער פראַצע.
מיט אים סוידעט זיך אַ קלינגנדיקער קוואַל.
ער האָט געטריבן היינט דעם כוישעך פון פאַרמורזשעטע ווענט.
ער האָט היינט מיט פענזל און מיט פאַרב געוואָרפן שטראַלן,
שפּילט איצט אַ געטלעכקייט אין זיינע הענט,
ווי ער וואָלט געפאַרבט דער נאַכט מיט זון.

אים גלעט דער רייכער פּאַרנאַכט,
ווי אַ הימלשער גוויר אַ גוטער,
וואָס גיט יעדן אָרימאַן — אַ פּאַלאַץ פון גאָלד,
אַ שליטעלע מיט סעיכל און אַ וועג פון פוטער.

אים דערמאָנט איעדער קילער שאָטן,
אַן עסטערקעס בליאיקן צאָפּ,
געפלאָכטן אין קוסטעס בלימעלעך אַלערליי, —
אַ צאָפּ, אין אַ סווינציאַנער שיינע נאַכט געראָטן,
ווען ס'פליט אַ כאַסענע פון שטערן אראָפּ
און ס'גייען ווינטעלעך אַ קאַראַהאָד אַרום זיי.

בערקע טראַכט:
— נאָך דריי און פופציק יאָר איז מיר ביז זיבעציק געבליבן.
אַ וואָך טיילט זיך אויף זיבן.
אויף פיר און צוואַנציק טיילט זיך אַ מעת־לעת.
אפילע אַ רעגע טיילט זיך מיסטאָמע אויף עפּעס.
אַ יאָר טיילט זיך אויף — אַ־האַ־האַ!
אַי, אויף וויפל טיילט זיך דריי און פופציק יאָר,
ווען יעדע רעגע איז — רעוועך, רעוועך, רעוועך!
אַי, אַז אַ מיליאָן איז אַ ביסל, וויפל איז אַ סאַך?

אַנטקעגן בערקען, אַף דעם פאַרוואָרפענעם הויף,
זיינען לעצטע ברעקלעך פאַרנאַכט אַף דעם ראָסט אַרויף
און די טויטע דוירעס צעבלאַנקט.
ער זעט, אַפילע ראָסט קען האָפן.
דער שיין פון גאָלד לייגט זיך ברייט אין זיין געדאַנק
און ס׳צעלייגט זיך אין די גלידער אַזאַ פליענדיקער שלאָף:
ווי איידל דער זילבער פון יעדן „דאַים".
ווי שטאַרק דער קופער פון יעדן סענט —
פון אַזאַ קופער שמידט ער ווענט,
פענצטערלעך — פון נייאינקע „דאַימס",
די סטעליע — פון שפּיגלדיקן גאָלד, —
גאָלד, אַ גאַנצע זון קלייבט ער
און מיט אַ קיילעכדיקער האַנטשריפט שרייבט ער,
צו עסטערקע־סטובון, קיין פאַרדריפּעטן סווינציאַן:
„שיינע קאַלע, עסטערקע־סטובון.
אַזוי שטאַרק האָב איך דיר האָלט,
אַז אַ פּאַלאַץ, האַלב פון לעוואָנע, האַלב פון זון,
איז שוין פאַר דיר פאַראַן —
אַ וועלט — האַלב פון כאַלעם, האַלב פון פייגעלעך.
דאָ וויים אַ געלערנטע נאַכט,
ווי צו עפענען זיך אַז רעגענען זאָל מיט שטערן.
דאָ וויים, אַ כאַכאַם, אַ האָן,
ווען צו קרייען קלוג און ווען צו זיין אַ טאַם.

„שיינע קאַלע עסטערקע־סטובון:
אויב אַזאַ לאַנגער וועג קען דיר שרעקן,
באַפעל איך פאַרטרייבן דעם יאַם!
באַפעל איך פאַרטרייבן אַלע שטרעקעס!
אַ געהאַרכזאַמע רעגע וועט דיר ברענגען אַהער!"

בערקע זעט אין כאָלעם, ווי עסטערקע־סטובון,
צעשיינט זיין בריוו מיט אַ גליקלעכער טרער.
דער בריוו אָן טינט, אָן פּאַפּיר שרייבט שוין אַליין זיך קעגן אים:
— אַז די ערד קלעטערט דאָ ביז הימל,
איז מיין פּאַלאַץ אין הימל.
פרייליכע כאַלוימעס שפּילן זיך אויף די פענצטער.
דורך די גאַרדינען מוזן ווינטעלעך שטענדיק לאַכן.
די שטאָלצע טישן כייזעקן פון ברויט און אַפילע פון כאַלע.
טייגלעך אין האָניק און אין איינגעמאַכץ פרעגלען זיך אין
אַזוינע טאַמען,
אַז גאָט אַליין באַשטעלט זיך דאָ אַ סודע.
אַפילע די צייט איז דאָ געשמאַק צו עסן.
יעדע שאָ — אַ ווילד געטראַנק, יעדער ווינטעלע — אַ זינגער.
הונדערט דינער און טויזנט דינסטן,
וואַרטן אין שטערנדיקע היטעלעך, בײַ גאַנעידנדיקע טירן,
זוכן דיר בײַ טויזנט שויבן.
פון די אונטערטעניקע קעפּ, ביז די פלינקע פינגער,
איז יעדער דינער גרייט דיר לויבן —
גרייט צו שעפּטשען צאַרט, גרייט צו רעווען:
מאַכט אַ וואַרע! מאַכט אַ וואַרע!
פאַר דער פרינצעסן — עסטערקע־סטובון!
פאַר עסטערקע־סטובון — דער פרינצעסן!

דער טאַטע הירשע־דאָוויד טראָגט די שענסטע פאַרטאָגן,
אין אייביק־נאַכטיקן זייד־פאַבריק;
אַזויפל טעג אַוועירעדיקע ניט מיט איינמאָל צו פאַריאָגן
און נאָך ניט גרייט איז צום גאַנעידן — פון מיצוועס דער בריק.

דער טאַטע הירשע־דאָוויד אין אייביק־נאַכטיקן זייד־פאַבריק,
ווי פון רויך און פאַרב געפורעמט,
ווי אים וואָלט אַן אַלכעמיסט, אַ טרוימער אויסגעקלערט —
אייביק דעם זייד אין טייכעלעך פאַרב צו באָדן,
סע זאָל דער זייד מעגולגל ווערן אין שאָרכנדיקע רעגנבויגנס,—
שפּאַנט הויך און דאַר און מיד:
דורך כאַדאָרים פּראָסטיקע, ווי דאָ וואָלט דער ווינטער געוואוינט;
דורך כאַדאָרים הייסע,
ווי דאָרט וואָלטן אַלע זיינע זומערן זיך געבראָטן.
מיט די שווערע שטיוול דורך די פלייצנדיקע דילן,
איז ער ווי אַ מידער זעלנער וואָס בראָדזשעט דורך געדיכטע זומפּן;
אין גיגאַנטישן גומע־פאַרטוך: ווי ער וואָלט אַף אַ בינע שפּילן,
אַן אויסגעטראַכטן קוכער וואָס קאָרמעט דעם זייד מיט זשעדנע פאַרבן.

מאַשינען טרייבן — שטאָלענע טעג
און אַלץ שלינגט איין דער זייד:
די גוטע פרילינגס און די בייזע פרעסט;
און אַלץ שלינגט איין דער זייד —
די שטאָלענע טעג און פון שטיקער פינגער דעם ביין און הויט.
אַף סאָפּנדיקע פּאַסן זייד,
יאָגט זיך אַזוי נאָענט און קלאָר — אַ בלענדנדיקער טויט.

דער טאַטע הירשע־דאָוויד, אין אייביק־נאַכטיקן זייד־פאַבריק,
טרוימט אוים — אַ פאַנטאַסטישן וואַלד:
די ביימער — ניט מיט בלעטער, נאָר מיט זיינע טעג באַלאָדן.
יעדער הוילער בוים — אַ גרילצנדיקער נאָר,
שרייט אוים פון פאַבריק דעם גוואַלד.
יעדער פולער בוים—פון ראָזשינקעס, פון האָניק און פון פלאָדן,
קלעטערט צו אַ פרעמדן האַר,
ווי ער וואָלט זיין באַשאַפער ניט דערקענט.

און אין וואַלד זעט ער — ניט פון פייגל אַלערליי,
נאָר פון פליענדיקן זייד — אַ פאַרבן־קאָנצערט.
די מאַשינען, ווי צינישע רויבער, אַפּלאָדירן.
און יעדער זייד — טוט־ווויי.
איידעלער זייד האָט ציין, האָט סאַמיקע אויגן,
האָט אַ שלאַנגען־פּיסק — די מידע געהירן.
צו זויגן.

ערעוו יאָים־האַדין,
זעט דער טאַטע הירשע־דאָוויד די פאַבריקן־ווענט — דין
און דורכזיכטיק — ביז ניט־ווערן;
און ס׳זיינען צו אים — די ווייטע שויבן,
ווי צו אַ פאַרליבטן אינגל — די שטערן.

אַט הערט ער אין ראַאש פון פאַבריק,
פון „סטראַטשער וואַלד" — דעם רוישנדיקן טרויער,
און אַט:
פון פאבריק — דער רעדערדיקער שטורעם,
שטייט גלייכגילטיק אין זיינע אויערן,
ווי ער וואָלט אַ פרומע שטילקייט געהערט.
פאַר די פאַרבענקטע אויגן,
שמאַרצט ווי אַ וואונד — דאָס שטעטעלע סוויר.
ער זעט זיין טאַטן, דעם מילנער, אין גאַנעידן —
דער אַלטער וואַסער־מיל מאָלט בערג מיט זינד,
אַפילע פון בלומען, שטערן און צאַדיקים.
זיין טאַטע דער מילנער, פון גאַנעידן,
ווי אַ זאַנג אַ טפילעדיקער שעפּטשעט פרום:
„קום, מיין קינד,
מיין קינד, קום,
מיט דעם איבעריקן גוף זיך שיידן.
אין מיזרעך פון גאַנעידן איז אונדזער שטעטעלע סוויר.
יעדער דאָרן איז — אַ פליגל.
יעדעם שייבעלע — אַ הימל".

הירשע־דאָוויד זעט „גאָטס פינגער“ טרייבן די פאַבריקן־רעדער.
דאָס הארץ קלאַפּט אוים פון טויכעכע — די געפּאַרן.
ווי אַ פאַרבלוטיקטע ראָד, קייקלט זיך אין געהענעם די ערד,
נאָר זיין נעשאָמע שמעקט מיט דופטן פון גאַנעידן־סעדער
און אַלץ ווייזט די ניסים פון די נאָענטע געסט — די אָוועס:
מאַשינען זאָלן שרייען ווי אידן פון טויזנט מערק.
קוימענס זאָלן קלאָגן, ווי פאַרוואונדעטע ריזן.
ניט אינגלעך אַרום אויוון — אַ שטוינענדיקע ראָד,
נאָר אין געלויף — צעווילדעוועטער שטאָל,
זאָל דערציילן מאַיסעלעך פון רויבער.
ניט פון סוויר — דער קישעפדיקער טערק,
נאָר כיטרער זייד זאָל ווייזן דעם צויבער,
וואָס סע האָבן די מעכאַשפים אין ספאָרים געוויזן.
אַ זייד־פאַבריק זאָל פון סוויר זיין לענגער,
זאָל ברייטער זיין אַפילע פון סווינציאַן!
ניט אַף דער ערד, נאָר בא די שטערן,
זאָלן ציען זיך שטיבעלעך שערענגעס!

אוועק אַ טאָג.
אַ טאָג מיט כאָרכלענדיקן ווינט, מיט שטאָלענעם רוים,
מיט געשריי פון זייד-מאַשינען דול.
זיין הימל — אין די הויכן פון ווענט פאַרמויערט.
די העלע שאָען, אין בלענד פון זייד געלאָזן.
זייד מיט קאָלירן פון נאַכטיגאַלן, פון שטערן און פון גראָזן.
אַ שווייסיקע זון, אין זיין פאַרהאָרעוועטן גוף פאַרגאַנגען,
ליגט בייז אַצינד אין יעדן אָדער און טרויערט —
אָף איר לעבן דעם פאַרלאָשענעם.

באַדאַנע אין דער געשמאַקער קיך,
שמעקט מיט טויזנט טאַמען פון צוגעטראַכטע מאַרצעפּאַנעס.
די בעריע פינקלט אין איר יעדן קער.
די שאָטענענע קוקלע — פריש-געצוואָגן.
זי הערט דעם זידנדיקן שמועס פון געראָטענע פאַנען:
ס'טאַינען בולבענע קניידעלעך — בול-בול-בול,
מיר זיינען אַזוי גוט, מיר קייען זיך אליין —
ענטפערן די בייזע לינדזן מיט מעכאַיעדיק געוויין:
לין-לין-לין, מיר זיינען מיט עישאָוון פול;
און ס'רויטלען זיך זים-זויערע, ווייניקע בוריקלעך,
שעמען זיך אַ וואָרט צו זאָגן.

דער געגרייטער טיש, ווי ער וואָלט אין אַ זינגנדיקן סאַד
געשטאַנען.
יעדן אוונט איז הירשע־דאָוויד — אַ מעילעך און באַדאַנע —
אַ מאַלקע.
אַרום, אין אַ קראַנץ — די שיינע קינדער:
בערקע, מענטקע, בלומקע און דער נייער עלינקע,
וואָס האָט דעם טרוים פון מאַיסעלעך שוין ניט פאַרשטאַנען
און פרעמד איז אים פון מיכאַלישעק — דער וואונדער איבער
וואונדער.

ווען ס'טראָגט אַ געזונטע פרייד די שאָ פון וועטשערע אוועק
און מיט זאַטקייט אַנגעגאָסענעם דאָס האַרץ קוועלט,
נאָגט יעיסינקעס לײדיקער אָרט
און דעם טאַטן — יעיסקע צו די זמירעס פעלט.
אַף באַדאַנעס ליפּן שטומט דאָס טרויעריקסטע וואָרט.

5.

# אַ שטיל צימערל אַף דער „איסט־סאַיד״ *

* „איסט־סאַיד״: אַן אָרעמער געגנט אין ניו־יאָרק.

א שטיל צימערל — אין רעוועדיקן ניו־יאָרק.
יעיסקע וויים דאָ —
וויפל שעטעך ס׳קען א שאַ אויסבענקען,
וויפל טונקלקייט ס׳קען דעם אָוונט ליבן,
וויפל אומרו ס׳קען דער ווינט געדענקען;
יעיסקע וויים דאָ —
וויפל שאָטנס ס׳קען דאָס ליכטל אַף דער סטעליע שרייבן,
מיט וויפל אומעט ס׳איז דער נעכטן דאָ געבליבן,
מיט וויפל אומעט ס׳וועט דער מאָרגן דאָ נאָך בלייבן.

די ווענט — פאַרויכערטע היטער,
היטן די זון זאָל ניט פאַרבלאָנדזשען דאָ מיט א טראָט,
נאָר היטן ניט פון נויט און געוויטער,
דאָס גרוי צימערל — אין בליאַסקעדיקער שטאָט.

די ציגל בענקען לאַנג שוין נאָך פאַנאַנדערפאַל
און ס׳האָבן דאָ טעג דעם קאָליר פון ליכט שוין לאַנג פאַרגעסן.
די אייביקע נאַכט דערשרעקט אמאָל א שטראַל,
אַמאָל דעם קרומען שיין פון א פאַרפירטן שטערן.

דערווינטער דורך לאַנגע, כורוועדיקע נעכט,
מיט לעוואָנעדיקן פראָסט, מיט ליד פון ווינט פירט אָן,
קענען די בראַזגנדיקע שויבן אַ געפעכט
און ס'טרייסלט דאָ יעזסינקען אַ צאָן אין אַ צאָן.

דאָס ליכטל — אַ באַזיגט פייערל,
איילט זיך ניט ווערן
און ס'איז דעם פייערל אין ווינט — דער טויט אַזוי טייער,
ווייל פון לעבן איז קיין צייט ניטאָ צו קלערן.

דער שנייִ צעשיינט די בלינדלעכע שויבן
און צעשפּילט אַ ליכטיקייט — אין אַ גרווילנדיקן פלירט.
יעיסקע שפּירט,
ווי ס'פּרואווט די דינע ליכטיקייט דער שווערער פינצטערניש הויבן.

דורך די ווינקלען פון צעבויגענעם דאַך,
צעגייט דער ווינטער אין ראַסטיקע טרערן
און טרינקט דעם זאַטן שטויב אָן,
אין די דורשטיקע שפּאַרעס.

דער פרילינג צעבליט די שאָטנס פון נייגעריקן אונטערגאַנג.
דאָס ליכטל איז אַ פיצל לעשנדיקער מעטעאָר.
דער אַלטער שטול קרעכצט אוים אַ קראַנקן פויגל־געזאַנג.
אַ טרוים אַף אַ בילד רייסט זיך פון דער ענגער ראַם.

די שטילקייט הערט דאָס זינקען פון די ווענט.
אַלטע האָלץ כאַלעמט פון אַ יונגער זעג
און זעט זיך לויכטן אין דעם קאַלטן אויוון,
נאָר די זעג קומט ניט
און דער אויוון בלייבט — אַן אויסגעלאָשענער טאָם.

די לויזע ציגל רופן שטאַרקע האַמערס
און זעען זיך פאַלן אין פריידיקן אָפּגרונט,
נאָר די שטאַרקע האַמערס קומען ניט
און די פוילנדיקע הויך בלייבט זשעדנע האָפן צום אַפּגרונט.

יעיסקע הערט דעם פרילינג ריידן:
אַ, נאַכטיק פענצטערל, דו זוכסט אומזיסט די זון.
אַ, הינקענדיק טישעלע, דו וועסט שוין גלייך ניט שטיין.
און וועסט געזוים שוין גרינער וואַלד ניט ווערן.

אָרום —
קלעטערט ווי אַ כורוועדיקער שעד, דער העקדעש פון סווינציאַן,
זוכנדיק אומזיסט מאַזל אין די וואָלקנס.
אַזויפל בענקשאַפט איז אין זיין צימערל פאַראַן,
ווי ס'וואָלט זיינס אַ שטיבעלע — אַף סווירער באַרג געשטאַנען.

דאָס הויז — אַ קרישלדיקער ריז,
שטייט בלינד און אויסגעבויגן.
מיט אַ פּאַסיקל זון, שווער אַ, שווער איז,
דערפרייען די פענצטער — די פאַרשטויבטע אויגן.

יעיסקע הערט אַף דעם אָרט פון די כורוועס,
אַ וואַלד, אַ גיבער, רוישן:
די פייגל, די לידער, די מעכטיקע ביימער,
האָט דער מענטש אין אַמאָל־אַמאָל פאַרשטויסן.

אַף דעם אָרט פון גרויען צימערל,
איז אַן אָדלער־נעסט אַמאָל געהאַנגען
און ס'איז דער טאָג אַצינד — אַ לעצטער שימער,
פון אַ זון וואָס איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען.

„שטענדיק פֿאַרקלערטע דינע,
שטענדיק פֿאַרטרערטע דינע:
פֿאַרוואָס —
זע איך אַ טרויעריקן זונפֿאַרגאַנג אין דיינע בלאָנדע האָר?
פֿאַרוואָס —
זע איך אַן אַלטע נאַכט דורך דיינע זעכצן זוניקע יאָר?“

„שטענדיק באַזונדערער יעיסקע,
שטענדיק פֿאַרוואַונדערטער יעיסינקע:
אַ פֿאַרבלוטיקטער שניי איז איבער מיינע זומערן אַריבער.
איך האָב געזען דעם פֿאַרבאַרגענעם מעסער,
וואָס קומט אַף אַ קינדישן שטערן די ערשטע קאַרבן קריצן.
איך ווייס:
אַ פֿונק אין פּראָסטיקן אויוון איז פֿון אַלע טרוימען העלער.
אַ טראָפּן פּיין איז פֿון אַ יאַם פֿרייד גרעסער.
איך ווייס:
פֿון טויט אַ טראָט איז פֿון אַלע ווינטן שנעלער.

„איך זע ביקסן — אַ פֿינצטערן וואַלד צעבליצן —
נאָר געפּלאַצטע קוילן זיינען שטראַלן דעם זיגערישן טויט צו העלן.
אָרום מיר שטעלן זעלנער פֿון שווערדן אַ וואַקכאַנאַליע־כופּע.
אַ דערשראָקענער בוים וויגט אַף אַ צווייג מיין צעפּליקט קלייד.
איך הער אַ לעצט געשריי און פֿון קראָען אַ וויסט שוועבן.
איך זע אַ גאַזלאָנים־נאַכט מיט אָפֿענע וואונדן שיינען
און צעשיינען די שרעקן פֿון מיין איבעריק לעבן.

„אַזויפֿל פֿאַכאַד האָט מיינע גלידער נאָך ניט דורכגעשטאָכן.
פֿון אַזויפֿל נאַכט זיינען מיינע אויגן נאָך ניט בלינד,
נאָר איך בין אַ בונט פֿרילינגס אונטער שימלדיקע מאָכן.
מיין יעדער היינט איז פֿון אַ נעכטן געפֿאַנגען.
איך זע אין אָוונט די זון, ווי אַ קאָפּ פֿאַרן שעכטן.

דורך לאַנגע, שלאָפלאָזע נעכט,
וואָך איך אַליין מיט מיין טרייסטנדיקן טויט
און שפיר איבער מיר פון שטאָט איעדע ראָד.
איך הער אין יעדן ווינטעלע — אַן עכאָ פון אַ ווייט געוויין,
אין יעדן מורמל — אַ גרוויזאַמען סאָד, —
און ס׳זיינען מיינע יאָרן — פאַרשניטענע צווייגן פאַרבענקט
נאָך פייער.
דורך שטשירנדיקער פינצטערניש שפרינג איך אויף און
וואַנזיניק לאַך
און דער געלעכטער דורך מיין לייב איז בראַנדיקער שרויט.

„און ס׳דערמאָנען מיך אַן טויט-פאַרמישפּעטע די לאַנגע,
שלאָפלאָזע נעכט —
די פאַרנאַכטן — פאַרבלוטיקטע טאַליאָנים;
די שטראַלן — ברידער מיט זיך אַליין אין געפעכט,
ווי ס׳וואָלטן די גלידער פון איין גוף געווען זיך סאָנים.
יעדער זונאויפגאַנג איז — זיגערישער שלאַכט.
יעדער זונפאַרגאַנג איז — באַזיגטע שלאַכט.
שלאַכט! שלאַכט! שלאַכט!“

אין יעיסקעם צימערל — אַ ווייל קאַרטשנדיק שווייגן.
שטיל, ווי דער ניט-געהערטער יאָמער פון אַ טויב-שטומען.
דינע זעט ווי אין שטויב פאַלט קרוין נאָך קרוין
און זי זעט איר ברודערל אין האַנט פון שעכטער —
מיט צאַפּלדיקן גוף אַף שווערד שרייט ער:
„מאַ—מע!
ווער האָט די זינד פון אַ ראָשע אין מיר פאַרבאָרגן?
נאָך ניט געשטאָרבן און אין געהענעם שוין!“
ווי מיט דער האַנט פון אַ טאַליען געוואָרגן,
רעדט דינע ווייטער:

„שטענדיק פאַרליבטער יעיסקע,
שטענדיק פאַרטרוימטער יעיסינקע —
מיינע ווערטער זיינען שוואַרץ ווי דער פאַכאַד פון פאַגראַמען.
איך האָב היינט אַף בראַדוועי מיין טויטן ברודערל באַגעגנט.
אָרן־בערקע מיט זיבן צעמעסערטע יאָרן,
האָט געוויזן,
אַז נאָר אַ זשמעניע פאַרבלוטיקטע האָר איז פון אים געבליבן.
מיין טויטער ברודערל — דורך בליאַסק פון בראַדוועי,
האָט אַף אַ פידעלע אַ בעטלעריש געקלאָגט,
וואָס ער האָט קיין אויגן ניט,
צו ווייזן די טרערן פון זיין דאָר,
וואָס ער האָט די וואונדן און די פינצטערניש ערגעץ פאַרגעסן
און דאָ איז ער — אינגאַנצן ליכט.
אַזויפל ליכט אַז מען זעט ניט קיין שטראַלן,
ווי ס׳וואָלטן זיינע ניט־געבאָרענע טעג — אַלע נעכט פאַרשלונגען
און אַזויפל טאָג געלאָזן,
אַז ס׳גלוסט זיך נאָך אַ ווינקעלע פינצטערניש בענקען;
און דאָ איז ער — אינגאַנצן טאַנץ,
ווי ס׳וואָלטן שיידים מיט אַזויפל האָפקעס אים באַפאַלן,
אַז ס׳גלוסט זיך אים צוריק,
צום שטעגעלע רו — אונטער בעיסוילעם־גראָזן;
און דאָ איז ער אינגאַנצן היינט,
אַזויפל היינט אַז מען קען דעם נעכטן ניט געדענקען.

„און איך האָב היינט אַף בראַדוועי מיינע טויטע שוועסטערלעך באַגעגנט:
איינע אַ צוויי־טאָגיקס האָט נאָר געפרעגט איר נאָמען,
האָט געשליידערט אַ ניי־געבאָרן קלאָלע,
וואָס זי האָט שוין אַפילע קיין ביינדעלע ניט,
צו ווייזן מיר די מעסער־שניט, —
און מיט געוועזענע הענטעלעך זיך געזעגנט.

דאָס צווייטע, פּעשע־ליבקע — אַף אַ טורעם־שויב צעצונדן,
האָט מיט דעם קאָל פון אַ ווינטעלע געמורמלט:
— ניט מיט דעם טויט, מיט די לעבעדיקע פיר יאָר,
בין איך פון מיין ווייטן קייוועראַל אַנטלאָפן
און בין אַן קאָפּ, אַן גוף צו דיר אַזוי געקומען,
דעם זיידענעם האַנטוך דיר ברענגען,
וואָס האָט מיין אידיש האַלדז דערוואָרגן,
ווייל צעכאַנאָוויטש, מיט זיין פאַנסקע האַרץ,
האָט ניט געקענט אַף אַ פּראָסטע שטריק מיך הענגען.

„איך האָב היינט —
אַף בראָדוועי דריי טויטע קינדערלעך באַגעגנט:
אַז די לייבער האָט דער זאַמד און דער רעגן אויפגעגעסן,
האָבן די וואונדן פון אַלע שילדן געוואונקען.
און איך,
מיט פינצטערן קאָפּ, קעגן טורעמס ליכט געזונקען,
בין אין מיטן בראָדוועי, ווי אין שיווע געזעסן
און געשעפּטשעט צאַרט אַזוי:
טויטע קינדערלעך — אוי, וויי, אוי, וויי.
מיסטאָם האָט איר פאַרגעסן,
אַז ניט אין כאַלעם,
נאָר אַף בראָדוועי,
זייט איר צו מיר געקומען;
און אַז קיין קוואָרים זיינען דאָ ניטאָ
און דאָ וואַקסן ניט קיין גראָזן,
איז ווי זאָל איך אייך לאָזן,
בעיסוילעם־שאָטנס — צווישן פייער פון שילדן
און ווי וועט אייך פאַרוויגן,
ניט אַ ווייס ציגעלע,
נאָר פון מעציעס — דער פאַלשער געשריי.
אייער צאַר קען דאָך פאַרלעשן אַלע בראָדוועיס.

„באַם ערשטן טראָט פון טורעמדיקן פרימאָרגן,
האָב איך דורך דונער פון שטאָל געהערט אַ געלעכטער:
— כאַ־כאַ־כאַ, דינע!
כאַ־כאַ־כאַ, דינע!
כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ!
כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ!
אַף בראָדוועי — קוילעס פון פּאָגראָמען:
פון אויפעלעך פּאַרפייניקטע — אַזאַ כאָר.
אַף בראָדוועי האָב איך די סרעיפּע פון מיכאַלישעק געטראָפן.
אַף בראָדוועי:
טויטע שוועסטערלעך פון ווייטע קוואָרימלעך אַנטלאָפן.
אַ שוועסטערל אַ צוויי־טאָגיקס, אָן אַ נאָמען.
אַ שוועסטערל מיט אַ זיידענעם האַנטוך דערוואָרגן
און אַ ברודערל — אַ זשמעניע פאַרבלוטיקטע האָר:
כאַ־כאַ־כאַ, דינע!
כאַ־כאַ־כאַ, דינע!
כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ!
כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ!"

דורך שיין פון פאַרליבטע רייד,
הויבט דאָס צימערל אָן צו טאָגן.
דורך יעיסקען — אַ בלאָנדע פרייד,
קען שלאַנג און ראָב און טאַליען פאַריאָגן!

„אָ, דינע, אַ האַרץ נעמט אַ האַרץ אַרום
און ס'ווערט אינגאַנצן צויבער — דאָס הונדערט־יאָריקע הויז.
זע, דאָס טישעלע — לאָם און קרום,
גלייכט אַליין זיך אויס.

„אָ, דינע, אַ באַשיידן טראָט צו דיר —
און ס'ווערט אַ פרישער צווייג פון אַ טוכלער ברעט.
אַ פּראָסטע האַנט־באַריר —
און פון אָפּגעקראָכן האָלץ ווערט פרילינגדיקער וואַלד.

„אָ, דינע, וויפל ליכטיקייט אין דיינע אויגן שיינט.
דעם פאַרלעגענעם טרויער האָט אַ דופּטיק ליד פאַרטריבן.
די פינצטערניש — אָן אוראַלטער פיינט,
האָט אין געפלעכט פון אָרעמס זיך דערוואָרגן.
אָ, יעדער אויפגאַנג קען נאָר ליבן,
און איך גיי אויף אַנטקעגן דיר — מיט דעם זיג פון פרימאָרגן!
אָ, דינע:
פון ברעג ביז ברעג זע איך די פאַרשאָלטענע נאַכט צעצונדן;
אָ, דינע:
אַזויפל זוניקע הענט זע איך היילן דיינע וואונדן“.